ברוך מילער

# אַ וועלט מיט וועלטעלעך



אַרויסגעגעבן פון
אַ גרופּע נאָענטע פריינט

## דאָס פאָלק מוז אַ קעניג האָבן . . .

אַמאָל איז געווען אַן אַלטער מלך, האָט ער געוועלטיקט אי־בער מיליאָנען נפשות. ער האָט נאָך געהאַפט מיט דער צייט צו האָבן גאָר אַ גרויסע מלוכה. ווי דער שטייגער איז פון יעדן מלך. האָט דער קעניג אַלעמאָל מלחמות געפירט. און דאָס פאָלק האָט אָן אַ שיעור יונגע זין פאַרלאָרן אין די מלחמות. מ׳האָט אים נאָך דערצו געצאָלט שטייערן צו קע־נען פירן די מלחמות. מ׳האָט געמוזט גיין אין די קירכעס און אין די שולן צו בעטן גאָט פאַרן געזונט פונעם מלך און זיינע מלחמה־פירערס. איז איינער, אַ שטייגער, נישט גע־גאַנגען, האָט מען אים אין תפיסה אַריינגעוואָרפן . . .

האָט דאָס פאָלק דעם מלך פיינט געהאַט ביז גאָר. טאָג נאָך טאָג האָט מען געהאָפט פון אים פטור צו ווערן (ווייל אַ קעניג שטאַרבט דאָך אויך אַמאָל), וועט ניט זיין אַזוי שווער דאָס לעבן פאַר די מענטשן אין לאַנד.

אמת, דער אַלטער מלך האָט פאַרמאָגט אַ זון צו פאַרבע־מען זיין טראָן, האָבן אָבער אַלע אין לאַנד געוואוסט, אַז דער פרינץ איז אַנטלאָפן אין אַ פרעמד לאַנד. ער האָט פאַרנומען פון דער מלוכה־קאַסע אַ סך געלט און הוליעט דאָרט בייטאָג און ביינאַכט. ער האָט געגעבן צו וויסן אין קאַבינעט אַריין אַז ער וועט קיינמאָל, אָבער טאַקע קיינמאָל, נישט קומען צו־ריק . . .

איז דער אַלטער מלך וועגן דעם שטאַרק באַזאָרגט גע־ווען: ווי אַזוי וועט דאָס פאָלק קאָנען לעבן אָן אַ קעניג, ווען ער וועט די וועלט פאַרלאָזן ? צוליב דעם איז ער נעכט נישט געשלאָפן, נאָר געטראַכט און געטראַכט וואָס פאַר אַ שפיצל דער זון זיינער, דער פרינץ, האָט אים אָפּגעטאָן . . . אָט אַזוי איז דער מלך שוואַכער און שוואַכער געוואָרן און ער איז אַוועקגעשטאָרבן נאָך פריער ווי זיינע גרויסע דאָקטוירים האָבן פאַר אים באַשטימט . . .

אַז דאָס האָט געטראָפֿן, האָט דאָס פֿאָלק אין דער שטיל זיך געפֿרייט: אפֿשר וועט מען זיך שוין אָן אַ קעניג באַגיין ? . . .

זיינען דאָך אָבער דעם קעניגס מיניסטאָרן געבליבן לעבן, האָבן זיי אַזוי לאַנג געטראַכט און געטראַכט, ביז זיי האָבן באַשלאָסן צו קרוינען דאָס פֿיר יאָריקע ייִנגעלע, וואָס דער אַנטלאָפֿענער פּרינץ האָט מיט זיין מאַמען איבערגעלאָזט אין קעניגלעכן הויף. געזאָגט און געטאָן !

יענעם טאָג, וואָס עס איז באַשטימט געוואָרן צו קרוינען אַלס מלך פֿון לאַנד דאָס ייִנגעלע, האָבן קירכן-גלאָקן אין אַלע קלויסטערס איבערן לאַנד נישט אויפֿגעהערט צו קלינגען. אַלע הייזער זיינען געווען מיט פֿאָנען באַהאַנגען. סאָלדאַטן האָבן שוין געהאַט געשוואָלענע פֿינגער פֿון פּוצן די מעשענע קנעפּ פֿון זייערע מונדירן . . . אַלע פֿערד אויף די גאַסן מיט ליענטעס באַפּוצט. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען גרייט, נאָר דעם קליינעם פּרינץ איז דאָס גאָר נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך ניט אַרויסגערירט פֿון זיין שפּיל-צימער, וואו עס האָבן זיך געפֿונען שפּילערייען פֿון גאָר דער וועלט. אַזוי פֿיל שפּילצייג, אַז עס וואָלט געקלעקט פֿאַר אַלע אָרעמע קינדער פֿון דעם גאַנצן לאַנד.

די בעסטע שפּיל ביי דעם קליינעם פּרינץ איז געווען, צו שיסן אויף זיינע הילצערנע סאָלדאַטן. ער האָט אָנגעקוואָלן וואָס מיט איין טראַף פֿון זיין ביקסל, זיינען זיי אַלע אויפֿאַמאָל אומגעפֿאַלן. די באַדינער אַרום אים, וועלכע האָבן צוגעקוקט, האָבן געמוזט זאָגן, אַלע אין כאָר, אַז ער איז אַ גרויסער העלד. ווען ניט, וואָלט דער קליינער פּרינץ אָפּגעוויינט דריי טעג מיט דריי נעכט כסדר . . .

אַזוי איז געווען, ווען דאָס פּרינצל האָט געלאַכט, האָבן אַלע דינער געמוזט מיט אים מיטלאַכן . . .

און אַז פּלוצים זיינען די דינער זיינע געקומען צו גיין און אַ זאָג געטאָן צום קליינעם פּרינצל, אַז ער דאַרף זיך גאָר אויפֿהערן צו שפּילן, און אַז זיי דאַרפֿן אים אָנטאָן אַזעלכע קליידער, וואָס וועלן זיך צופּאַסן צו דער קעניגלעכער קרוין,

האָט דער קליינער פּרינץ אָנגעהויבן צו טופּען מיט די פּיס־לעך, זיך געוואָרפן אויפן דיל און געשריען אויף די העכסטע קולות: אַזאַ חוצפּה! זיינע אייגענע דינער זאָלן אים קומען איבערשלאָגן אין זיין בעסטער שפּיל...

דאָס בעטן אים און דאָס גלעטן און קושן אים, האָט די דינער גאָר נישט געהאָלפן. דאָס פּרינצל האָט צו זיי געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער וויל בלויז קעניגן איבער זיינע הילצערנע סאָלדאַטן, און פּאַרטיק! אויב זיי וועלן אים נישט צורו לאָזן, וועט ער אויף זיי שיסן... האָבן די דינער וועגן דעם גלייך געמאָלדן אין הויף אַריין...

זיינען דערנאָך שוין געקומען די מיניסטאָרן אין שפּיל־צימער איינער נאָכן צווייטן. געבוקט זיך פּאַרן קליינעם פּרינץ, גערעדט צו אים „זיידענע רייד": דאָס פּאָלק וואַרט שוין מיט אומגעדולד, אַז מ'זאָל אויף זיין קעפּעלע אָנטאָן די גאָלדענע קרוין מיט די בריליאַנטן... זאָל ער ניט זיין איינ־געשפּאַרט! אויב ער וועט זיי צוליב טאָן, וועט מען פּאַר אים גלייך מאָרגן איינשטעלן נאָך אַ צימער מיט שפּילצייג, מיט הילצערנע סאָלדאַטן, וויפיל נאָר זיין האַרץ גלוסט...

אָבער דער קליינער פּרינץ האָט זיך אויף זיי אויך צע־שריען.

האָבן די מיניסטאָרן געצויגן מיט די אַקסלען און פּאַר־שעמטע זיינען זיי אַוועק פון פּרינצל.

איז די מאַמע־פּרינצעסין געקומען צו גיין. צען אויסגע־פּוצטע מיידלעך אין אַלערליי קאָסטיומען האָבן די שלעפּן פון אירע זיידענע קליידער נאָכגעטראָגן.

די מאַמע האָט זיךביים פּרינצל געבעטן:

— זונעלע מיינער, לאָז דיך קרוינען! דאָס פּאָלק וועט עס לענגער נישט אויסהאַלטן! זאָל ער נאָר אַרויסקוקן אויף דער גאַס, וועט ער זען וואָס סע טוט זיך. וויפיל אָרקעסטערס סע שטייען גרייט. צו וואָס טויג אים איצט הילצערנע סאָל־דאַטן, אַז באַלד וועט ער האָבן אַזויפיל לעבעדיקע סאָלדאַטן?

## און דער קליינער פּרינץ: איינמאָל ניין!

האָט זיך שוין די מאַמע־פּרינצעסין נישט געקאָנט איינ־האַלטן און זיך טאַקע צעוויינט ווי אַ פּשוטע מאַמע: פאַר־וואָס זאָל ער זי פאַר אַזויפיל גרויסע מענטשן פאַרשעמען?

דערזען טרערן ביי דער מאַמען אין די אויגן, איז שוין דאָס פּרינצל ווייכער געוואָרן: ער גייט שוין, נאָר מיט איין באַדינג, אַז דאָס ביקסל, מיט וועלכן ער לייגט אַוועק אַלע הילצערנע סאָלדאַטן אויפּאַמאָל, זאָל ער מיט זיך מיטנעמען. און די מאַמע־פּרינצעסין האָט דערויף איינגעשטימט.

ביי דער צערעמאָניע זיינען אַלע גרויסע לייט געשטאַ־נען ווי סטאַטועס. קיין ריר. קיין שאָרך פון קיינעם. אַ גלח מיט אַ גרויסן צלם אויף זיין ברוסט האָט פון אַ ביבל געהאַלטן אין איין זאָגן די ווערטער מיט אַזאַ מאָדנעם ניגון. דערצו האָט דער גלח געהאַט אַזאַ לאַנגע און רויטע נאָז. אי־בער זיינע בייזע אויגן — אַזעלכע גרויסע ברעמען, ווי וואַ־זאָנעס. אַז דאָס פּרינצל האָט אַ קוק געטאָן אויפן גלח, האָט ער זיך געמוזט צעלאַכן. אויב דאָס איז נאָך ווינציק, האָט נאָך דאָס פּרינצל געוואָלט אַז די דינער זיינע זאָלן אויך מיט־לאַכן, ווי ס׳האָט זיך ביז אַהער געפירט. און די דינער, ווי־דער, האָבן אים געהייסן גאָר זיין שטיל. ווי באַלד אַזוי, האָט זיך דאָס פּרינצל צעוויינט. אפילו זיך געוואָלט וואַרפן אויפן דיל...

האָט אַן עלצטער גלייך באַפוילן צו פאַרמאַכן אַלע פענצ־טער און אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ווער ס׳וועט אימי־צן איבדרויסן דערציילן, ווי אַזוי דאָס פּרינצל האָט זיך אויפ־געפירט, וועט מיטן טויט באַשטראָפט ווערן...

און ווידער האָט זיך די מאַמע־פּרינצעסין ביים יינגעלע־פּרינץ געבעטן, אַז ער זאָל איר צוליב טאָן און זיין שטיל. זי וועט אים דערפאַר גילדענע סאָלדאַטן קויפן, אַבי ער זאָל זיך לאָזן קרוינען. זי האָט ווידער געוואָלט וויינען, נאָר דאָס מאָל האָט זי זיך געשעמט פאַר די געהויבענע געסט, אָבער טרערן אין אירע אויגן האָבן זיך סיי־ווי־סיי באַוויזן.

האָט זיך מיישב געווען דאָס פּרינצל: ער וועט שוין זיין שטיל; כדאַי צו זען וואָס עס וועט ווייטער פאָרקומען . . . אָבער דער גלח האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו זאָגן און צו זאָגן. דאָס פּרינצל האָט געוואָלט אויסשרייען, אַז ער פאַרליִרט זיין געדולד, אָבער נישטאָ צו וועמען זיך צו קערן. אַלע זיינען אַזוי פאַרטיפט. האָט זיך דאָס פּרינצל דערמאָנט אָן זיין ביקסל וואָס ער האָט מיטגענומען. האָט ער עס אַ נעם געטאָן אין האַנט אַריין, גלאַט פאַר היימלעכקייט וועגן. אָבער פון געוואוינהייט וועגן האָט ער אַ צי געטאָן אַ דראָטל און גלייך האָט זיך פונעם ביקסל אַרויסגעגליטשט אַ פראָפּקע און געטראָפן דעם גלח אין זיין רויטער נאָז אַריין. די ביבל איז פון גרויס שרעק אַרויסגעפאַלן פון זיינע גרויסע הענט.

האָט זיך דער קליינער פּרינצל מסוכן צעלאַכט. איצט האָבן אַלע דערוואַקסענע געחלשט אַ לאַך צו טאָן. טייל האָבן זיך טאַקע אָן עצה געגעבן: פאַרשטעלט מיט די הענט די פּנימער און כאָטש אין דער שטיל געלאַכט.

די באַזאָרגטע דינער האָבן מיט זיידענע האַנטטיכלעך געהאַלטן אין איין ווישן די פאַרגאָסענע אויגן פון פּרינצל. זיי האָט זיך אויך געוואָלט מיטלאַכן, אָבער זיי וואָלטן די גרעס־טע שטראָף באַקומען ווען איינער פון זיי טוט בלויז אַ שמייכל. מ׳וואָלט אפשר אין דעם גאַנצן אויפטו פון פּרינצל זיי באַשול־דיקט . . . נו, האָבן זיי זיך אַלע ווי איינער איינגעהאַלטן מיט אַלע זייערע כוחות, חלילה, נישט צו שמייכלען.

און אַז מען האָט ענדלעך דעם קליינעם פּרינץ די קרוין אָנגעטאָן און אַלע האָבן זיך פאַר אים געבוקט, דערקלערט אים פאַר דעם נייעם מלך פונעם לאַנד, און קולות פון דרויסן האָבן הוראַ געשריען ביז הייזעריק ווערן, האָט דער נייער מלך ראַפּטאָם אויסגעטאָן די קרוין, דערלאַנגט זי צו דער מו־טער און אַליין איז דאָס פּרינצל, אָן אַן אָפּשטעל, געלאָפן צו־ריק אין זיין שפּיל־צימער — צו זיינע הילצערנע סאָלדאַטן...

## ניט אַלע זיינען גלייך . . .

אויפן אָרעמען געסל האָבן זיך געשפּילט יינגלעך און מיידלעך. קליינע און גרויסע. טייל פון זיי, ווי ליאַלקעס די גרויס. מיידעלעך האָבן פונקט ווי די פייגעלעך אויסגעזונגען זייערע ווערטער. די יינגלעך האָבן אויך געזונגען, אָבער זייערע קולות זיינען שוין אַרויסגעקומען אַביסל האַרטער. אָט אַזוי זיינען קליינע מאַנסבילן . . .

צווישן די קינדער האָט געהערשט שלום. בלויז אַמאָל האָט מען זיך פאַר אַ ווײַלע צעקריגט, אָבער זיך גלייך איבערגעבעטן. למשל, בענעלע האָט זיך צעבונטעוועט פאַרוואָס זאָל חיימל אים וועלן האָבן אַלעמאָל פאַר זיין פערדל? האָט חיימל איינגעזען, אַז בענעלע האָט טאַקע רעכט, האָבן זיי ביידע באַשלאָסן: איינמאָל איך; איינמאָל — דו!

אַלע קינדער זיינען דאָ געווען אָרעמע. פּלוצים האָט זיך באַוויזן צווישן זיי אַ יינגעלע מיטן נאָמען טעדי. טעדי איז געווען אויסגעפּוצט יום־טובדיק. מיט דעם יינגעלע טעדי איז געקומען צוגיין אַ דאַמע, וועמען טעדי האָט קיינמאָל ניט גערופן מאַמע. זי האָט אים געהאַלטן אין איין באַפעלן:

— דאָ נישט שטיי! דאָ נישט זיץ! וואָס איז? — ער קאָן זיך נאָך פאַרשמירן זיין גאַרניטערל.

טעדי האָט גראַדע פאַרמאָגט נאָך עטלעכע גאַרניטערלעך, אָבער די דאַמע האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן. אויף טעדיס אַנטועכץ טאָר קיין שטויבעלע נישט פאַלן, און פאַרטיק!

וואָס איז דאָ צו ריידן? טעדי האָט שטאַרק מקנא געווען די קינדער אויפן גאַס, וועלכע מעגן זיך אַוועקזעצן וואו זיי ווילן נאָר אַליין . . .

ווי קומט אַזאַ אויסגעפּוצט יינגעלע אויף אַזאַ גאַס?

האָט מען געשמועסט, אַז טעדיס טאַטע האָט אַ קראָם אין דער געגענט. טעדיס טאַטע שטייט אויף פּאַרטאָג, ווען די פייגעלעך שלאָפן נאָך, גרייט פאַר די קונאים, וועלכע דאַרפן גיין אַרבעטן גאַנץ פרי. דערפאַר האָט די פאַרמעג־לעכע פאַמיליע געוואוינט אין דעם געגענט.

מיט זיין טאַטנס קראָם האָבן די קינדער טעדין גאָרנישט מקנא געווען; וועמען גייט עס אָן! נאָר מיט די שפּילצייג וואָס דאָס יינגל פאַרמאָגט האָבן אים אַלע מקנא געווען. אַ קליי‌ניקייט: אַ וועליסאָפּעד, אַ באַן וואָס גייט אויף קיילעכ־דיקע רעלסן, טאַקע מיט אַן אמתדיק עלעקטריש לעמפל פון פאָרנט, מיט אַ טונעל און מיט שטיבעלעך אַ סך, אַ סך...

אָט־די אַלע שפּילצייג האָט טעדי געהאַלטן אַרום זיך. אַ קוק צו טאָן אויף אים, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מאַמע־הון מיט אַ סך הינדעלעך אַרום זיך.

האָבן די קינדער פון געסל געפילט, אַז זייערע הערצע־לעך גייען זיי איבער. באַחידושן די שפּילצייג לאָזט זיי טעדי גראַדע יאָ, אָבער שפּילן זיך מיט זיי — דאָס נישט! אַזוי האָט באַפוילן זיין טאַטע! און פון זינט טעדי האָט זיך באַוויזן אין גאָס מיט זיינע שפּילצייג, איז זיי נמאס געוואָרן זייערע אייגע־נע שפּילצייג. סע קומט בײַ זיי אויס, אַז זייערע טאַטעס ווייסן נישט וואָס פאַר אַ שפּילצייג די קינדער האָבן ליב... ווי אַזוי קויפן עס פאַר זיי זייערע טאַטעס אַזעלכע נאַרישע שפּיל־צייג? און דאָ ווערט נאָך טעדי שטרענגער צו זיי פון טאָג צו טאָג. אָט, נאָך אַביסל, וועט ער זיי אַפילו נישט לאָזן קוקן אויף זיינע שפּילצייג...

אַזוי איז אַוועק איין טאָג, צוויי טעג, און דריי, ביז איינ־מאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך מיישב געווען איין יינגעלע מיט אַ קוטשעראַווע קעפּל און בלויע אייגעלעך, און געזאָגט:

— הערט זיך צו, קינדער. אויב טעדי איז שוין יאָ אַזאַ חכם, זאָלן מיר זיך מיט אים מער נישט שפּילן. איר זעט דאָך אַליין, אַז ער איז נישט אונדזער גלייכן...

— זאָל ער זיך שפּילן מיט זיין וועליסאָפּעד! — האָט באַלד אַן אַנדער ייִנגעלע אונטערגעכאַפּט.

— זאָל ער זיך דורכשמועסן מיט זיין בלעכענעם טענ־צער, וואָס טאַנצט נאָר ווען מען דרייט אין אים אַן אַ שפּרונ־זשינע... — האָט נאָך אַ ייִנגעלע געזאָגט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך געטראָגן אַ זיגרייך געלעכ־טער.

— קומט, לאָמיר גלייך אַוועקגיין פון אים! — האָט דאָס ערשטע ייִנגעלע באַפוילן.

— איכל באַלד האָבן צען קינדער פּאָר איינעם — האָט טעדי געזאָגט מיט שטאָלץ.

— לאָמיר טאַקע זען!

— לאָמיר טאַקע זען!

טעדי האָט אָנגעהויבן צו רופן נייע קינדער. זיינען די אָנגעברוגזטע קינדער זיי געלאָפן אַנטקעגן. אַזוי און אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן! האָבן זיך יענע קינדער פון אָרט נישט גערירט: זיי אַליין האָבן דאָך אויך געהאַט אַ בייז האַרץ אויף טעדין.

איז טעדי געזעסן איינער אַליין, אַ באַטריבטער. באַלד האָט ער זיך צעוויינט אויפן קול.

די מאַמע איז גלייך אַרויס.

— וואָס וויינסטו, מיין קינד?

טעדי האָט זיך צעשליידערט מיט אַלע שפּילצייג. ער דאַרף זיי נישט האָבן! ווער האָט געבעטן דעם טאַטן זיי אים צו קויפן? אָט שפּילן זיך אַנדערע קינדער און גאָר נישט, און ווילן אויף אים נישט קוקן...

— נו, זיי נישט שלעכט צו זיי! — האָט די מאַמע באַ־פוילן.

דער טאַטע, ווידער, האָט געטענהט, אַז טעדי זאָל זיך

נישט אונטערגעבן. די שפּילצייג האָט ער געקויפט בלויז פאַר אים . . .

האָט טעדי זיין אַפּעטיט צום עסן פאַרלוירן. די טעג זיי־נען פאַר אים לענגער ווי פאַר יעדן איינעם . . . ער איז אַרומ־געגאַנגען דעם גאַנצן טאָג אַ פאַרשלאָפענער. זיין מויל איז ביי אים שיעור נישט צעריסן געוואָרן פון האַלטן אין איין געע־נעצן. אויף זיין טאַטן איז ער ברוגז געווען, פאַרוואָס ער הייסט נאָר אָפּהיטן די שפּילצייג. אָבער מען קאָן דאָך צו זיי נישט ריידן!

טעדיס מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט און געמאַכט שלום צווישן אים און די קינדער.

— זאָלן זיך אַלע שפּילן צוזאַמען, — האָט זי געזאָגט.

טעדי האָט איר געהאַלטן אין איין קושן דערפאַר. זי איז דאָך אַזאַ גוטע . . .

די קינדער האָבן זיך מיט טעדין אָנגעהויבן צו שפּילן אויפסניי. זיי האָבן שוין געמעגט זיך שפּילן מיט אַלע זיינע שפּילצייג. סע האָט אויסגעזען אַז אַלץ איז שוין פאַרריכט. אַלע זיינען שוין געווען צופרידן, איז אָבער די מעשה געווען אַזוי: ווען די קינדער האָבן באַדאַרפט גיין אַהיים, האָבן זיך אויפן וועג דערהערט אומעטיקע שטימעלעך: פאַרוואָס פאַרט בלייבט טעדי איבער מיט אַלע שפּילצייג און זיי דאַרפן גיין אַהיים מיט ליידיקע הענט; פאַרוואָס?



# אַלע ווערן וויסן...

אַלע מענטשן פון דעם געסל האָבן ליב געהאַט דאָס פאַר־חלומט ייִנגעלע סעמעלע מיט די צוויי פינקלענדיקע שוואַרצע אייגעלעך, וועמענס בעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו לייענען ביכער וועגן אָרעמע קינדער, ווי ער איז, וועלכע וואַקסן אויס שרייבער און מאָלער. די וועלט קלינגט מיט זיי. סעמעלע אַליין האָט ליב געהאַט צו מאָלן. און נישט גלאַט אַזוי מענטשעלעך אָן אַ באַדייטונג...

איינמאָל האָט סעמעלע אויסגעמאָלן אַ הויז אין פלאַמען: קינדער ווילן זיך ראַטעווען פון פייער און קאָנען נישט! ער אַליין האָט געוויינט ווען ער האָט אָט־דאָס בילד געצייכנט... שכנים האָבן געהאַלטן אין איין קומען און באַוואונדערט סע־מעלעס בילדער.

די לערערין אין סקול האָט זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון סעמעלעס מאָלן. זי האָט אים געגעבן די בעסטע אויס־צייכענונגען. די לערערין האָט צוגעזאָגט סעמעלען, אַז מיט דער צייט וועט זי אים שיקן אין אַ שול פאַר מאָלער. דער־ווייל זאָל ער נאָך מאָלן און צייכענען. האָט סעמעלע גע־פאָלגט זיין געטרייער לערערין: געצייכנט און געצייכנט, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט.

סעמעלע האָט געצייכנט אַ בילד פון זיין מאַמעס צע־קנייטשטן פּנים, אויף וועלכן מען זעט זעלטן, זעלטן אַ שמייכל. פאַרוואָס און פאַרוועמען די מאַמע זעט אויס אַזוי באַ־צערט, האָט דאָס ייִנגל נאָך ניט אָנגעהויבן צו וויסן...

די מאַמע האָט זייער ליב געהאַט סעמעלען: דאָס ייִנ־געלע באַשיינט איר אָרעם לעבן, — האָט זי זיך באַרימט פאַר די שכנים. דאָך האָט זיך די מוטער אַביסעלע געזאָרגט וועגן איר ייִנגעלע סעמעלע. וואָס איז? אַז ער דערזעט זי אַמאָל אויף דער שוועל אָנקומען מיט אַ געקוילעטע הינדעלע אין די הענט, באַוויזן זיך טרערן אין זיינע אויגן: וואָס האָט מען צו די הינדעלעך? זאָל אים די מאַמע זאָגן! וואו זאָל זי נעמען צייט צו דערקלערן אים אַלץ, אַז שטענדיק איז זי פאַרהאָרע־וועט?

קיין פּאָטער איז אין שטוב פון לאַנג שוין נישטאָ. סע־מעלע געדענקט אַפילו נישט זיין טאַטן. די מאַמע דערציילט אים אַמאָל וועגן טאַטן, ווי שווער ער האָט געאַרבעט, און אַז תמיד האָט מען געדאַרפט לייען און באָרגן אויף ברויט און מילך.

די מאַמע האָט איינמאָל דערציילט סעמעלען, אַז ווען זיין עלצטער ברודער איז געווען אין זיינע יאָרן, האָט ער נאָר געוואָלט הערן פון אַלע קריוודעס וואָס דער טאַטע שטייט זיך אויס אין שאַפּ. דער ברודער משה פלעגט קריצן מיט די ציין: אַז ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער זיך אָפּרעכענען מיט די שלעכטע מענטשן. די מאַמע האָט פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן זיפץ און סעמעלע האָט נאָר געוואָלט וויסן פאַרוואָס די מאַמע זיפצט אַזוי . . .

פון דעמאָלט אָן האָט סעמעלע געהאַלטן אַן אויג אויף זיין עלטערן ברודער משה, וועלכער איז געווען דריי מאָל אַזוי אַלט ווי ער, און גרויס ווי אַ העלפאַנט. אַ לענגלעך גע־שטופּלט פּנים האָט משה געהאַט און אין זיין הויכער מאָרדע — עטלעכע שניט פון אַ מעסער . . .

סעמעלע האָט אָנגעהויבן צו זען זאַכן, וואָס ער האָט פריער נישט געזען. אַ שטייגער, אַז משה קומט צוגיין מיט אַ פּאַק געלט, דערלאַנגט עס דער מאַמען, און די מאַמע וויל עס ביי אים נישט נעמען. זי טופּעט מיט די פיס: זאָל משה איר דערציילן פון וואַנען קומט צו אים אַזאַ פּאַק מיט געלט? זי האָט געשאָלטן משהן. געשאָלטן זיך אַליין . . .

סעמעלע האָט אויך נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס איז משה, אָדער ווי זיינע חברים רופן אים, מויש, אַזוי אומ־רואיק, ווען ער זיצט ביים טיש און עסט? פאַרוואָס שלאָפט ער בייטאָג, און ביינאַכט זעט מען אים ניט אָן אין הויז? פאַר־וואָס פייפט מען אָפּטמאָל דורכן פענצטער און ער אַנט־לויפט אין מיטן עסן? פאַרוואָס ווערט ער אין גאַנצן פאַר־לוירן אויף חדשים? און פאַרוואָס וויל אים די מאַמע גאָר־נישט דערציילן וועגן משהן?

דאָס האָט סעמעלען זייער געמאַטערט.

ער האָט איינמאָל געפרעגט זיין ברודער אייניקע פראַגן, האָט אים דער ברודער אָפּגעטריבן פון זיך און אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל זיך אויסלערנען נישט צו שטופּן די נאָז וואו מען באַדאַרף נישט . . . האָט סעמעלע באַשלאָסן, אַז ער וועט שוין יאָ שטופּן זיין נאָז. ער מוז אויסגעפינען פאַרוואָס די מאַמע האָט משהן אַזוי פיינט און פאַרוואָס זי ליידט אַזוי צוליב אים? פון וואַנען ברענגט ער די פּעקלעך געלט? . . .

האָט איינמאָל פּאַסירט אַז זיין ברודער מויש איז געווען אין הויז. פּלוצים: מען פייפט! מויש איז שנעל אַרונטער און סעמעלע איז שוין דאָרט געווען פריער. ער האָט זיך באַהאַלטן אַז מויש זאָל אים נישט זען. אַ שיינער גלאַנציקער אויטאָמאָביל איז געשטאַנען פאַרן הויז און געוואַרט אויף זיין ברודער מויש. דאָס טירל איז שוין געשטאַנען אָפן און מויש האָט זיך אַריינגעזעצט און אָט פאָרט מען אַזוי גיך ווי די פייערלעשערס. און קיינער פון זיי אינעווייניק אין דעם פאַרמאַכטן אויטאָמאָביל ווייסט נישט, אַז סעמעלע האָט שוין געפונען אַ פּלאַץ פון אונטן. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן מיט אַלע כוחות נישט אַרונטער צו פאַלן.

עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט און עס האָט געהאַלטן אין איין גיסן אַ רעגן. סעמעלע איז געווען דורכגעווייקט ביז צום לייב. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט כאַפּט זיך ביי אים אַרויס דער נאָמען פון זיין ברודער. זאָל מויש הייסן אָפּשטעלן דעם אויטאָמאָביל און אים אַריינעמען אינעווייניק, ער וואָלט פּשוט אויפגעלעבט . . . אָבער ניין, ער וועט דאָס נישט טאָן!

דער אויטאָמאָביל האָט זיך ווי אויף להכעיס געדרייט אין פאַרשיידענע שמאָלע געסלעך. אין דרויסן האָט מען זעלטן ווען געזען אַ מענטשן. די באַלויכטונג פון די הייזער האָט עפּעס אויסגעזען אַזוי קליין, ווי פלעמלעך פון קליינע ליכט, וואָס האַלטן ביים אויסגעלאָשן ווערן. סעמעלען האָט אַרומגענומען אַ גרויס בענקשאַפט אַ היים. די מאַמע וועט אַזוי איבערטראַכטן. אָט זעט ער ווי זי פּרוּזעט אַרום איבער דער שטוב און ברעכט זיך די הענט: — וואו איז מיין סעמעלע?

פּלוצים האָט זיך דער אויטאָמאָביל אָפּגעשטעלט מיט אַ קרעכץ, מיט אַ הוידע, און סעמעלע איז באַלד געלעגן אין אַ טייך וואַסער. פון דעם אויטאָמאָביל זיינען אַרויס נאָך צוויי פאַרשוינען און זיין ברודער מויש. אַלע דריי האָבן געהאַט מאַסקעס אויף זייערע פּנימער. זיי זיינען מיט שטורעם אַריין אין אַ קראָם, וואָס איז געווען אָפּגעזונדערט פון הייזער. סעמעלע האָט זיך, ווי אַ הינטעלע אויף אַלע פיר, צוגעשאַרט צו יענעם פלאַץ און צוגעזען, ווי דער אייגנטימער איז געשטאַנען אַ בלייכער מיט די הענט אַרויף. און דאָס דריילינג האָט אויסגעליידיקט די קאַסע.

סעמעלע איז געלעגן אַ צעווייטיקטער. וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער שרייען? זאָל ער אויפהויבן אַ שטיין און דערלאַנגען זיין ברודער, דעם רויבער?

נאָר איידער דאָס דריילינג איז פון דער קראָם אַרויס, האָט זיך באַוויזן אַ מאַן מיט אַ גלאַנציקן רעגנמאַנטל. איינער פון דעם דריילינג האָט אים גלייך באַגריסט מיט זיין רעוואָלווער און דער מאַן איז אומגעפאַלן ווי אַ סלופּ, געהויקעט און געקרעכצט און דער אויטאָמאָביל האָט אַרויסגעלאָזט אַ היפּש ביסל רויך און איז גלייך פאַרשוואונדן.

סעמעלע האָט אויפגעהויבן זיין פויסט און זיי נאָכגעשריען: — פייגלינגען! — און דער גאָס־רעגן האָט געוואַשן זיינע פליסנדיקע טרערן.

ער האָט באַשלאָסן ביי זיך, אַז דער מאַמען וועט ער דאָס אַלץ נישט דערציילן, ווייל זי וועט זיך נעמען צום האַרצן און נישט אויפהערן צו וויינען . . . אָבער זיין ברודער מויש טאָר זייער שוועל מער נישט אַריבערטרעטן. ער וועט אים דאָס קיינמאָל נישט פאַרגיבן. אָט־די נאַכט מוז ער באַמאָלן אַזוי שנעל ווי ער וועט נאָר קומען אַהיים און ווען דאָס בילד וועט פאַרטיק ווערן, וועט ער דאָס ווייזן זיין ברודער מויש. אַלעמען וועט ער דאָס ווייזן! זאָל ער נישט מיינען, אַז קיינער ווייסט נישט . . . און ער האָט אָנגעהויבן שרייען אין דער פינצטערער נאַכט:

— מויש, אַלע, אַלע וועלן וויסן . . .

## דער רבי וויל נישט שטאַרבן . . .

לייבל האָט נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו גיין אין חדר אַריין, ווייל אים איז געווען דערעסן צו לערנען יעדן טאָג אין וואָך די זעלביקע סדרה. נאָכאַמאָל און ווידער אַ מאָל! דער רבי אויבנאָן מיט אַן אָפן חומשל פרעגט טייטש־ווער־טער, און די קינדער צעשרייען זיך אויף די העכסטע קולות. ווער אויף אַ סאָפּראַנע, ווי אַ מיידעלע, און ווער גאָר אויף אַ באַס, ווי אַ טאַטע . . . דער עיקר: יעדער וויל ענטפערן פריער פאַרן צווייטן. אָט אַזוי טאָג איין, טאָג אויס.

וואָס נאָך: די אַלטע לאַנגע בענק מיט די אַרויסגע־שטאַרטשעטע טשוועקעס האָבן צייטנווייז געשטאָכן ביז גאָר, און אַז אַ יינגל האָט אַ קרום פּנים געמאַכט, האָט זיך דער רבי מסוכן געבייזערט. טאַקע געסטראַשעט מיטן קאַנטשיק. היינט דער טיש אַליין, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו סקריפּען. פּשוט געבעטן זיך, אַז קיינער זאָל זיך אָן אים נישט אָנשפּאַרן . . . אָט־אָט וועט ער זיך צעלייגן . . .

דערפאַר אָבער האָט לייבל ליב געהאַט די מעשהלעך, וואָס דער רבי פלעגט אָפּט דערציילן. האָט ער שוין אָן אַלץ פאַרגעסן. די מערסטע קינדער זיינען געזעסן שטיל, אויס מורא פאַרן קאַנטשיק, אָבער לייבל איז געזעסן מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם, געקוקט דעם רבין אין מויל אַריין. קיין איינ־ציק וואָרט חלילה נישט צו פאַרהערן . . .

די מעשהלעך וואָס דער רבי האָט דערציילט זיינען גע־ווען כמעט אַלעמאָל וועגן יענער וועלט. וועגן די רשעים, וועלכע ווערן דאָרטן געברענט און געבראָטן פאַר זייערע זינד. וועגן גן־עדן. וועגן מלאך גבריאל, וואָס איז אַזוי ליב־לעך צו די צדיקים. וועגן אברהם אָבינו, וואָס דערלאַנגט זיי דעם ערשטן שלום־עליכם. און טאַקע וועגן גאָט אַליין, מיט זיין גילדענער קרוין, מיט די פּיצלעך גלעקלעך אַרום, וועל־כע קלינגען־אויס פאַרשיידענע טענער, ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע קלעזמער וואָלט געשפּילט . . . וועגן מרים הנביאה מיט איר

פויק. וועגן די ביימער וועלכע גאָט אַליין האָט געפלאַנצט, און די ביימער גיבן פון זיך אַרויס אַזעלכע גוטע ריחות, כדי די צדיקים זאָלן אַלעמאָל פילן גוט און פריילעך . . .

בעת דער רבי האָט געמאָלן יענע וועלט, האָט לייבל פאַר זיך געזען גאַר־גאָר אַן אַנדער רבין, ניט דעם, מיט דער שטענדיק פאַרגעלטער באָרד, נאָר עפּעס אַ שיינענדיק פּנים, ווי פון אַ מלאך. אַפילו דאָס פּושקעלע מיט טאַבאַק האָט ביי לייבלען אויסגעזען ווי אַן אמת שטיקל האָניק־לעקעך. ער, לייבל, איז געזעסן אַזוי פאַרטיפט, אַז ער האָט אַפילו נישט געפילט ווען דער רבי האָט זיך אינמיטן דערינען צעניסט און פאַרנעצט זיינע צעפלאַמטע בעקלעך . . .

אָט אַזוי האָט דער רבי פאַרענדיקט: אַז די וועלט, אין וועלכער מיר לעבן איצט, איז בלויז אַ פּרוזדור, אַ קאָרידאָר, — אַ דורכגאַנג צו דער אמתער וועלט. די אַלע שיינקייטן זיינען פאַר די צדיקים צוגעגרייט. ווען די קעניגין און פּרי־צים פון אומעטום, זאָלן זייערע גאַנצע פאַרמעגנס אויסגעבן, וועלן זיי דאָס נישט קאָנען דערגרייכן . . .

לייבל איז אַזוי צעוואַרעמט געוואָרן פון דעם רבינס מעשהלעך, אַז ער האָט פּשוט פיינט באַקומען די וועלט דאָ . . . אַלץ האָט ביי אים אָנגעהויבן אויסזען אַזוי וואָכעדיק. ער איז געוואָרן גלייכגילטיק צו עסן און טרינקען. סע האָט ביי אים אויסגעזען מסוכן פּראָסט דאָס זעצן זיך צום טיש באַגלייך מיט די שטוב־מענטשן . . . אין די גרעסטע קעלטן האָט ער נישט געוואָלט אָנטאָן זיך קיינע וואַרעמע זאַכן . . . און אַז די באָבע זיינע האָט דאָס דערזען, האָט זי אים געסטראַשעט, אַז ער וועט זיך נאָך חלילה פאַרקילן, און גאָט זאָל אָפּהיטן וואָס עס קאָן פּאַסירן . . .

— נו, וועל איך זיך פאַרקילן! מיך אַרט נישט ווען איך וועל אַפילו שטאַרבן . . . — האָט לייבל געזאָגט, און דאָס באמת געמיינט.

ווי באַלד אַזוי האָט אים שוין די באָבע פאַרקלאָגט פאַר זיין טאַטן, און דער טאַטע האָט געהאַט גאַנצע טענות צו דער

מאַמען: וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ מאָדנע רייד פון אַ קינד?

איין אָוונט האָט די מאַמע לייבלען גענומען צו זיך אויפן שויס, צו ערשט אים גוט אָנגעקושט, דערנאָך האָט זי אים גע־בעטן, אַז ער זאָל פאַר איר דערציילן דעם גאַנצן אמת... אויב דער רבי שלאָגט אים, וועט זי גלייך פועלן ביים טאַטן צו שיקן אים אין אַן אַנדער חדר...

לייבל האָט זיך צעטופּעט מיט די פיס: ער וויל נישט קיין אַנדער חדר! ער האָט ליב זיין רבין!

— היינט, פאַרוואָס־זשע רעדט ער אַזעלכע מאָדנע רייד?
— האָט די מאַמע געוואָלט וויסן.

האָט זיך שוין לייבל צעוויינט:

— די וועלט דאָ, איז נישט קיין שיינע...

— וואָס מיינט ער מיט דעם? — איז די מאַמע געוואָרן זייער נייגעריק.

לייבל האָט אָבער געשוויגן. ער האָט זיך געטראַכט, אַז די מאַמע וועט אים נישט פאַרשטיין! קיינער וועט אים נישט פאַרשטיין...

ער האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין נאָך מער באַטריבט. ער האָט אויסגעזעזן אויסגעצערט, ווייל ער האָט ווייניק געגעסן, ווייניק געטרונקען. אַפילו נישט געשלאָפן גענוג...

האָט דאָס שוין דעם טאַטן זיינעם מסוכן פאַרדראָסן: סטייטש, אַזאַ יונגאַטש! וואָס מיינט ער, וואָס! דער טאַטע האָט באַשולדיקט לייבלען, אַז ער פּראַוועט אומיסטן אַזעלכע שטיק, ווייל ער וויל נישט גיין אין חדר. ער וויל זיין אַ פּוסט־און־פּאַסניק... דער טאַטע האָט געסטראַשעט מיט זיין רי־מען: בלויע צייכנס וועט ער אים מאַכן... די מאַמע איז געשטאַנען צווישן טאַטן און קינד, ווי אַ וואַנט, און נישט אויפגעהערט צו וויינען. זי האָט באַשוואוירן דעם בייזן טאַטן נישט צו שלאָגן לייבלען. זי האָט אים אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין אַ פּלאַן: זאָל ער נעמען לייבלען צו אַ „גוטן יידן"...

פּלוצים איז לייבלס רבי שטאַרק קראַנק געוואָרן. די רביצין האָט צונויפגערופן אַלע קינדער פון אַלע אַנדערע חדרים, אַוועק מיט זיי אין גרויסן בית-מדרש, וואו דער רבי האָט געדאַוונט, צעפּראַלט דעם ארון-קודש, און באַפוילן די קינדער צו זאָגן תהילים. בעטן גאָט, אַז דער רבי זאָל געזונט ווערן. זי האָט זיך באַלד צעקלאָגט הויך אויפן קול, און די קינדער, קוקנדיק אויף איר, האָבן זיך אויך צעכליפּעט . . .

נאָר איין לייבל איז געשטאַנען אַ צעטומלטער: וואָס קומט דאָ פּאָר? איז דאָס מעגלעך אַז דער רבי וויל נישט שטאַרבן? דאָרטן, אויף דער אמתער וועלט, וועט ער דאָך וואוינען אין אַ פּאַלאַץ, ניט ווי זיין הויז דאָ, וואָס שטייט איינגעהויקערט ווי אַ זקן. דאָרטן וועט דאָך צו אים ניט אַריינרעגנען ווי דאָ. דער רביצין פעלט דאָך אָפּטמאָל אויס כלים אונטערצושטעלן. דאָרטן וועט דאָך אַריינשמעקן צו אים בשמים-ביימער, וועלכע גאָט אַליין האָט פאַרפלאַנצט. דאָ ביי אים אין שטוב טראָגט זיך דאָך אַלע מאָל אַזאַ שלעכטער ריח פון דעם האָן, וואָס כאָוועט זיך לכבוד שבת . . .

אפשר וויל דער רבי יאָ שטאַרבן, נאָר די רביצין לאָזט אים נישט? איז פאַרוואָס-זשע לאָזט זי אים טאַקע נישט? אָט גייט ער גלייך צו ביי איר פרעגן! אַז ער האָט אָבער דערזען איר באַצערט פּנים, האָט ער נישט געוואַגט צו רעדן צו איר. ער האָט באַשלאָסן צו לויפן גלייך צום רבין און ביי אים אַליין פרעגן.

לייבל האָט זיך שטילערהייט אַרויסגערוקט פונעם בית-מדרש, אַוועק צום רבין אַהיים. ער האָט אים געטראָפן ליגן אין בעט, און מיט שטיקער אייז דעם קאָפּ אַרומגעלייגט. דער רבי האָט אויסגעזען געל, ווי דאָס פּושקעלע מיט טאַבאַק, וואָס איז געשטאַנען אַזוי עלנט אויפן פענצטער. דער רבי האָט אַפילו נישט געקוקט צו דעם, גלייך ווי סע נישט זיינס... ער האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. נישט אויפגעהערט צו קרעכצן. מיט אַ געבראָכן קול געבעטן זיך: ראַטעוועט מיך! ראַטעוועט מיך! איך וויל נישט שטאַרבן!

לייבל האָט געפילט ווי אָט-גלייך די מינוט ביי אים אַ פרעג טאָן: פאַרוואָס וויל ער נישט שטאַרבן? נאָר ווען ער

האָט אַ קוק געטאָן אויף די שטוב־מענטשן, ווי באַזאָרגט זיי זעען דאָס אויס, האָט ער נישט געהאַט קיין מוט צו רעדן. ער איז גלייך געלאָפן אַהיים. אויפן וועג האָט ער זיך געהאַלטן אין איין אַריינקלערן: וואָס זאָל דאָס פּאָרט באַדייטן, וואָס דער רבי וויל נישט שטאַרבן? שאַ, אפשר האָט ער נאָך נישט אָנגעזאַמלט גענוג מצוות? אָבער ער איז דאָך אַזוי פרום און דערצו שוין אַזוי אַלט . . .

אין הויז האָט זיך לייבל קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. דער פאָטער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים, און באַלד זיך צעשריען:

— וואָס גייסטו אַרום ווי אַ לאַמעד־וואָווניק? דו כניאָק איינער!

די מאַמע האָט זיך גלייך אַריינגעמישט:

— וואָס ווילסטו האָבן פונעם קינד? ער האָט ליב דעם רבין זיינעם! נישט געזאָרגט, לייבעלע, דער רבי וועט מיר־צעשעם געזונט ווערן . . .

לייבל האָט זיך פלוצים אָנגענומען מיט מוט און גע־פרעגט:

— וועט דער רבי גיין אין גן־עדן אַריין, אויב ער וועט שטאַרבן?

— געוויס! — האָט דער פאָטער מיט זיכערקייט געענט־פערט — ער איז דאָך אַזאַ פרומער ייד! אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? וואָס־זשע, דו ווילסט שוין פטור ווערן פון אים? איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס דו גייסט אַרום אַזוי צעטראָגן . . .

לייבל האָט זיך צעוויינט. געבעטן זיך, אַז מען זאָל אים פאַרשטיין: ניט דאָס מיינט ער . . .

— נו, וואָס דען מיינסטו? לאָמיך שוין הערן, תכשיט מיינער! — האָט דער פאָטער שוין מיט כעס באַפוילן.

לייבל האָט ווי אַרויסגעשאָסן:

— אויב דער גן-עדן וואַרט אויפן רבין, איז פאַרוואָס וויל ער נישט שטאַרבן ?

דער טאַטע האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט שוין קיינמאָל נישט אויפהערן צו לאַכן . . . אַפילו די באָבע, וועלכע האָט שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט די זיבעציקער, האָט אויך געלאַכט . . .

לייבל האָט זיך מיט שטורעם אויפגעהויבן פונעם בענקל און זיך געלאָזט לויפן אינדרויסן אַרויס. דער פאָטער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. ער האָט שוין מער נישט געלאַכט. צעשריען זיך הויך אויפן קול :

— ווען די מאַמע דיינע אַז דאָ נישטאָ, וואָלט איך דיר דערלאַנגט פעטש . . . אַ ייִנגעלע ווי דו פרעגט נישט אָטאַזעלכע פראַגן . . . דו דאַרפסט ליב האָבן דעם חדר און לערנען מיט חשק, וועסטו אויסוואַקסן אַ פרומער ייד, ווי דער רבי דיינער . . .

— דו דאַרפסט אָנהייבן צו עסן אַביסל מער ! — האָט זיך די באָבע אַריינגעמישט.

— דו דאַרפסט זיין אַביסל מער פריילעך, מיין קינד ! — האָט די מוטער אונטערגעכאַפּט.

לייבל איז ביז העט שפּעט ביינאַכט געלעגן מיט אָפענע אויגן, און נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין פרעגן : פאַרוואָס האָט אים דער טאַטע נישט געענטפערט צו דער זאַך ? פאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי צעלאַכט ? פאַרוואָס ? פאַרוואָס ? — — —

דער רבי איז געזונט געוואָרן, און ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן זיינע מעשהלעך וועגן יענער וועלט, פונקט ווי פריער. לייבל איז אָבער געזעסן פאַרקלערט אין זיך. גאָר נישט געהערט מער וואָס דער רבי דערציילט. אין זיינע אויערן האָט זיך ווי געזונגען זיין נישט-פאַרענטפערטע פראַגע : פאַרוואָס האָט דער רבי נישט געוואָלט שטאַרבן ?

# העברי דער גרויסער

בלויז זיבן יאָר איז העברי אַלט, אָבער ביי זיין שוועסטערל אַדאַ איז ער שוין אַ גרויסער, ווייל זי איז נאָך יינגער פון אים. העברי איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד. דאָרטן וואו זיין זיידנס זיידע האָט געוואוינט.

נו, זיינען פלוצים געקומען שטאַפעטן פון די נאַציס און באַפוילן זיך צו פאַקן אין וועג אַריין, וואוהין די אויגן וועלן זיי טראָגן. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, האָט העברי נישט אָנגעהויבן צו וויסן . . .

דער טאַטע זיינער האָט אים שטילערהייט צוגעפירט צו אַ שיף, געזאָגט צו אים אַזוי :

— מיין קינד, דו פאָרסט קיין אַמעריקע צו דיין אָנקל. אָט האָסטו דעם אַדרעס. גוטע מענטשן וועלן דיר אַהין צופירן . . .

מער האָט דער טאַטע זיינער נישט געקאָנט רעדן. טרערן האָבן אים אין האַלדז געשטיקט. ער האָט זיך געאײַלט אַהיים צו ראַטעווען זיין מאַמען, זיין שוועסטערל, און טאַקע זיך אַליין . . .

באַלד האָט די גרויסע שיף אַ רעווע געטאָן, ווי אַ גאַנצע טשערעדע מיט קי. פאַסאַזשירן האָבן זיך צום לעצטן מאָל אָפּגעזעגנט. ווער מיט טיכלעך, און ווער מיט די הוילע הענט. געוואַלדן ביז צום הימל. און קיינער האָט נישט געהערט ווי העברי וויינט. נישט געהאַט צו וועמען אַ וואָרט צו ריידן, צו וועמען זיך צוטוליען . . . האָט ער מקנא געווען די קינדער, וועלכע האָבן מיט זיך געהאַט אי טאַטע, אי מאַמע . . .

העברי איז שוין דאָ הי באַלד אַ יאָר, און ער האָט נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן אָן זיין עלנטער רייזע אויפן ים. מיט אַזויפיל מענטשן איז אים אומעטיק געווען ! אים דאַכט זיך, אַז ער וועט קיינמאָל נישט אויפהערן צו בענקען אַהיים . . .

ער האָט שוין דאָ פיל חברים, אָבער אים איז נאָך אַלץ שווער זיך מיט זיי אויסצוטוען. ער האָט דאָך אַזוי פיל צו דערציילן זיי! אָבער זיין צונג פּלאָנטערט זיך אים. ער וויל זיך מאַכן פאַרשטענדלעך און קאָן נישט: אַך, ווען זיי פאַר־שטייען זיין לשון! ער וואָלט דאָך געקאָנט זיצן מיט זיי אַ טאָג מיט אַ נאַכט און דערציילן, דערציילן...

איין טאָג איז אָנגעקומען אַ בריוו צום פעטער פון הענריס טאַטע־מאַמע, אַז מען זאָל זיי אַרויסראַטעווען פון דאָרטן. זיי האָבן זיך שוין געהאַט באַזעצט אין אַ דערבייאיקן לאַנד, גע־דענקט צוריק צו ברענגען הענרין, האָבן זיך די נאַציס אויך אַהין געיאַוועט, און ווידער באַפוילן צו פּאַקן זיך אין וועג אַריין...

הענרי האָט דורך די נעכט נישט געקאָנט שלאָפן מער. ער האָט געזען פאַר זיינע אויגן ווי זיין שוועסטערל אַדאַ פּלאָנטערט קוים מיט די פיסלעך איבער פוסטע פעלדער און וועלדער... ער האָט געהערט אַפילו איר געוויין... ער האָט געהערט ווי זי רופט אים: „הענרי, וואו ביסטו?" היינט ווי אַזוי קאָן ער דאָ רואיק זיין? ער האָט אַפילו נישט גע־וואָלט עסן...

ערשט מיט וואָכן שפּעטער, ווען הענרי האָט זיך דער־וואוסט אַז זיינע עלטערן קומען באַלד צו פאָרן אַהער, האָט ער זיך געענדערט. געטאַנצט פאַר פרייד. באַצייטנס גע־שפּאָרט אַ סענט צו אַ סענט צו קויפן אַ מתנה פאַר זיין שוועס־טערל אַדאַ. ער האָט איר געוואָלט פאַרגיטיקן פאַר די ליידן ביז אַהער.

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען די שיף איז אָנגעקומען און געבראַכט זיינע עלטערן, האָט הענרי מיט גרויס פּאַראַד דערלאַנגט זיין שוועסטערל אַ בלאָנדע ליאַלקע, אַז מען גיט אַ קוועטש אין פּלייצע זאָגט זי מאַמע. הענרי האָט אָנגעַ־קוואָלן ווען דאָס אומעטיקע פּנים פון זיין שוועסטערל איז פריילעך געוואָרן.

ביידע קינדער האָבן שפּאַצירט באַזונדער. הענרי האָט

געהאַט אַזוי פיל צו פרעגן ביי זיין שוועסטערל, אַז ער האָט פשוט נישט געוואוסט וואָס פריער אָנצוהויבן. זאָל ער ביי איר פרעגן וועגן די פאַרבליבענע קינדער דאָרטן אין שטעטל, מיט וועלכעביידע האָבן זיך געשפּילט, געגאַנגען אין איין שול... זאָל ער ביי איר אַ פרעג טאָן, ווי אַזוי זי האָט אויף דער שיף פאַרבראַכט? ניין, וועגן דער שיף וועט ער נישט ריידן! ער וויל זיך נישט דערמאָנען...

דאָס שוועסטערל האָט פאַרדרייט דאָס קעפּל, צוגעהאַל־טן מיט איין הענטל די בלאָנדע לאָקן אירע, וואָס דאָס ווינטל האָט נאָר געוואָלט אויפפלעכטן, און פאַרחידושט געקוקט אויף הענרין. זי האָט געטראַכט, אַז ער איז אויסגעוואַקסן אַזאַ גרויסער! שוין באַלד ווי דער טאַטע... ווי באַלד אַזוי, זאָל ער זי דערקלערן: פאַרוואָס האָט מען זיי פון זייער שטעטל אַרויסגעטריבן? פאַרוואָס זעט מען אַזוי פיל מענטשן מיט קלומעקעס אויף די פּלייצעס, און זיי וויינען און קלאָגן? און שלעכטע מענטשן שלאָגן זיי נאָך... פאַרוואָס?

הענרי האָט זיך געשעמט צו זאָגן פאַר איר אַז ער אַליין פאַרשטייט דאָס אויך נישט... אַז ער האָט דערפאַר פאַר־איבל אויף אַלע דערוואַקסענע מענטשן: זאָל זי נאָר האָבן אַ ביסל געדולד! זאָל ער נאָר נאָך אַ ביסל אונטערוואַקסן, וועט ער אַלץ מאַכן אַנדערש...

— ווי אַזוי וועט ער דאָס טאָן? — איז דאָס שוועסטערל נייגעריק צו וויסן.

— זי וועט שוין זען!... ער וועט צוזאַמען נעמען אַלע קינדערלעך פון דער וועלט, בויען באַזונדערע שטיבעלעך, און נישט מורא האָבן פאַר די שלעכטע מענטשן...

און די קליינע אַדאַ האָט שטאָלצירט מיט איר גרויסן ברודער הענרי...



# ס׳האָט געטראָפן צום ערשטן סדר

אין אַ קליין שטעטל אויף יענער זייט ים האָט געוואוינט אַ פאַמיליע — אַ טאַטע און אַ מאַמע מיט פיר יינגלעך. דער טאַטע האָט געהייסן עוזר. ער איז געווען אַ פרומער ייד. ער האָט געהאַט אַ קראָם, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט געוואָלט געבן קיין פרנסה . . . האָט ער אַלעמאָל אויסגעזען פאַר־דאגהט און פאַרזאָרגט.

דערפאַר, אָבער, אַז דער יום־טוב פסח האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען צום שטעטל, איז עוזר געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. די אויגן האָבן ביי אים אָנגעהויבן פשוט שיינען. ער האָט געטראַכט וועגן סדר, וועגן די נייע זאַכן וואָס ער וועט פאַר דער פאַמיליע דאַרפן קויפן. עפּעס באַנייען מוז מען דאָך לכבוד אַזאַ אָנגעלייגטן גאַסט ווי פסח!

ווער, אַ שטייגער, האָט זיך געקאָנט פאַרגלייכן צו עוזרן ערב־פסח, ווען ער האָט ווי אַ קאָמאַנדיר אַריינגעמאַרשירט מיט זיינע פיר יינגלעך צום היטלמאַכער? צום ערשטן האָט ער זיך אַליין אָנגעמאָסטן אַ סאַמעטענעם קאַשקעט, דערנאָך דאָס קליינוואַרג. זייערע היטעלעך זיינען שוין געווען מיט גלאַנציקע דאַשעקעס. זיי האָבן אין זיי אויסגעזען ווי קליינע אָפיצירן. עוזר האָט זיך טאַקע אַביסל פאַרקרימט: סע פּאַסט נישט צו די פּאהלעך זייערע! אָבער אַזוי איז געווען די מאָדע..

אַהיימגעקומען מיט דער חברה, מיט די נייע היטעלעך זייערע, האָט ער פריילעך אַ זאָג געטאָן צום ווייב:

— מלכה, ווי געפעלן דיר אונדזערע פרינצן?

די מאַמע איז זיך פשוט צעגאַנגען פון נחת און זיך נישט פאַרגונען צופיל צו קוקן אויף זיי. זי האָט זיי געגלעט איבער די פאַרפלאַמטע בעקלעך און מיט ליבשאַפט געזאָגט:

— קינדערלעך, מיר זאָלן דערלעבן איבעראַיאָר מיט אַביסעלע מער מזל . . .

אין הויז איז געווען ציכטיק. אַלץ געוואַשן און גע־שייערט. די ווענט ווייס ווי שניי. דער טיש ווי ניי. חיים דער סטאָליער האָט אים ערשט פריער אָפּגעהובלעוועט. אָט אַזוי יעדן יאָר ערב־פּסח. פון קיך האָבן די יום־טובדיקע מאכלים געשמעקט. אַלץ, אַלץ איז גרייט! זאָל שוין די נאַכט קומען צוגיין!

פונקט צום סדר, ווען די גרויסע פרייד האָט זיך ערשט געדאַרפט אָנהייבן, עוזר איז שוין געזעסן אָנגעטאָן אין זיין שניי־ווייסן קיטל, דאָס ווייב לעבן אים, מיט דעם נייעם זיידע־נעם טיכל אויפן קאָפּ. משהלע, דאָס מוזיניקל, האָט שוין באַצייטנס געשאַרפט דאָס צינגל פאַר די פיר קשיות. די ליכט אויפן טיש האָבן ברייטלעך געלויכטן. מיט אַמאָל — אַזאַ צרה!

דאָס עלטערע יינגל, וועלוול, איז כלומרשט געגאַנגען אין קיך אַריין אַ טרונק טאָן און דערווייל האָט ער אַ טאַפּ גע־טאָן צווישן קוימען, געוואָלט וויסן צי האָבן די ברידערלעך נישט צוגענומען זיינע ניס, פּלוצים האָט ער אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלד, אַז אַלע ביים טיש זיינען פאַרציטערט געוואָרן, גע־לאָפן אים גלייך ראַטעווען.

— וואָס האָט פּאַסירט?

— וואָס הייסט וואָס? איך האָב זיך אָנגערירט אין אַ שטיק חמץ!...

— חמץ?! — האָט ר׳ עוזר מיט אַ געביטן קול אויסגע־שריען — וואָס איז דאָס? ווי קומט אַהער חמץ? — בעת מעשה האָט ער זייטיק געקוקט אויף זיין ווייב מלכהן.

דאָס ווייב האָט אים צוריק געפרעגט:

— אדרבא, ווי איז דאָס מעגלעך? כ׳האָב דאָך ערשט געקאַלכט דאָרטן?

דערנאָך האָבן זיך שוין טאַטע־מאַמע אויסגעטענהט מיט די הענט, מיט די אַקסלען און מיט די צעשראָקענע אויגן זייע־רע.

דאָס מוזיניקל, משהלע, האָט זיך שטאַרק פאַררויטלט. דאָס האָט ער אָפּגעטאָן. ערשט היינט אינדערפרי אַוועקגע־לייגט. די מאַמע האָט אים דערלאַנגט אַ דאַר שטיקל ברויט, האָט ער עס געגריזשעט און געגריזשעט, ביז ס'האָט זיך אים אָפּגעגלוסט, האָט ער עס פאַרוואָרפן צווישן קוימען. גאָר פאַרגעסן אַז ס'איז ערב-פסח . . . איז משהלע געשטאַנען אַ פאַרשולדיקטער, זיך געוואָלט מודה זיין, האָט ער אָבער מורא געהאַט פאַר פעטש.

עוזר האָט גלייך באַפוילן אַז מער זאָל מען אַהין נישט קוקן. זאָל וועלוועלע מיט עפּעס צודעקן דאָס שטיק חמץ, און אויס! ביז דער פסח וועט זיין פאַראיבער! . . .

וועלוול האָט שווער אָפּגעזיפצט: וואָס וועט זיין מיט זיינע ניס? צי זיינען זיי אפשר אויך חמצדיק געוואָרן? ס'האָט אים זייער באַנק געטאָן וואָס ער האָט זיי דאָרטן באַ־האַלטן. ער האָט דאָך שוין אַלע חברים דערציילט, אַז ער האָט אַ סך ניס, און דאָ אַזאַ צרה! ער האָט דאָך אַזוי שווער געאַרבעט ביז ער האָט די עטלעכע קאָפּיקעס פאַרדינט צו קאָנען קויפן זיך אַ האַלבע מאה ניס. וואָס וועט זיין?

מיט טרויעריקע פּנימער האָבן זיך אַלע ווידער געזעצט צום סדר. משהלע האָט זיך עטלעכע מאָל פאַרהאַקט אינ־מיטן די פיר קשיות, דאָס שטיקל חמץ פון צווישן קוימען האָט געטאַנצט פאַר זיינע אויגן. עוזר האָט דערנאָך געהאַלטן אין איין מאַכן טעותן אין דער הגדה. וועלוועלע האָט געקלאָגט אויף זיינע ניס. די אַנדערע קינדער זיינען גלאַט געזעסן מיט אַרונטערגעלאָזטע נעזלעך. אַפּנים ברוגז געווען אויפן שטיק חמץ, וואָס האָט זיך גראָד פאַרקליבן צו זיי צווישן קוימען...

דער גאַנצער סדר איז געווען פאַרשטערט.

ווען דער טאַטע איז שוין געהאַט אַוועק שלאָפן האָט די מאַמע וועלוועלען געשטראָפט:

— גיב אַ קוק וואָס דו האָסט אָנגעאַרבעט. האָסט געזען אַ שטיקל חמץ, נעמט מען און מע טראָגט אַרויס אינדרויסן, מע וואַשט זיך דערנאָך גוט אָפּ די הענט און פטור אַן עסק! אַזוי איז דער גאַנצער פסח פאַרשטערט! . . .

ווי באַלד אַזוי, האָט יעדער פון די קינדער באַשלאָסן ביי

זיך, אַז נאָך היינט ביינאַכט וועט מען פּטור ווערן פון דעם שטיק חמץ. משהלע האָט שוין אינגאַנצן נישט געוואָלט גיין שלאָפן . . .

דער טאַטע איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, בשום־אופן נישט געקענט איינשלאָפן. געהאַלטן אין איין טראַכטן, אַז נישט אַנדערש ער איז עפּעס אַ זינד באַגאַנגען. ס'איז אַ שטראָף פון גאָט, אַז פונקט צום סדר זאָל זיך אַזוינס טרעפן. נו, טאַקע, ווי קומט וועלוול צוגיין פלוצים נישטערן צווישן קוימען? אפשר איז די וואָג אין געוועלבל קאַליע געוואָרן און ער האָט עמיצן געגעבן אַ פאַלשע וואָג?

אינמיטן דערינען האָט ער געהערט ווי מייזלעך גריזשען עפּעס צווישן קוימען. האָט ער זיך געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען גאָט שיקט צו אַ גאַנצע מחנה מייזלעך, און זיי זאָלן אַזוי לאַנג גריזשען, ביז ס'וועט פון דעם שטיק חמץ גאָרנישט בלייבן!

אָבער דאָרטן זיינען נישט געווען קיין מייזלעך, נאָר דאָס מוזיניקל משהלע. אַז ער האָט אַריינגעשטעקט זיין הענטל, האָבן זיך וועלוועלעס ניס צעקלונגען. ער איז שטאַרק צע־טומלט געוואָרן, ווייל חוץ די ניס, האָט ער דערפילט נאָך עפּעס — אַ האַנט. האָט ער שוין געוואָלט אויסשרייען, אָבער וועלוול האָט אים פאַרשטעלט דאָס מויל: „זאָל זיין שטיל! דאָס בין איך!" — מיט די שפּיץ פינגער האָט ער דאָס שטיקל חמץ אַרויסגעשלעפּט, געלאָזט זיך מיט משהלען גיין דאָס אַרויסוואַרפן. אויפן וועג האָבן זיי די אַנדערע ברידערלעך באַגעגנט. יענע האָט זייער באַנק געטאָן וואָס זיי האָבן זיך פאַרשפּעטיקט: פאַרפאַלן! אַבי פּטור געוואָרן פון דעם שטיק חמץ . . .

אַז די מוטער האָט זיך אינדערפרי פון דעם דערוואוסט, האָט זי געזאָגט צו איר מאַן עוזר, אַז צווישן קוימען איז גאָר קיין חמץ נישט געווען, ס'האָט זיך וועלוועלען אויסגעוויזן...

און אַז עוזר האָט דערהערט די גוטע בשורה, האָט ער זיך אַזוי גיך נישט געוואָלט גלויבן, גענומען די פיר קינדער

און יעדן באַזונדער באַפּוילן אַריינצושטעקן אַ הענטל צו מאַ־
כן זיכער, טאָמער חלילה . . . צום לעצט האָט ער ערשט
אַליין פאָרזיכטיק אַריינגעקוקט און צופרידן זיך צעשמייכלט.

דערפאַר איז שוין דער צווייטער סדר געווען אַ פריילע־
כער. די גאַנצע גאַס האָט די הגדה געהערט . . .



# אוים קלוגע געוואָרן . . .

דינהלע איז אַלט געוואָרן פיר יאָר. זי געדענקט, אַז די מאַמע אירע האָט זיך נאָך פריער באַרימט מיט איר פאַר אַנדערע מאַמעס, אַז זי, דינהלע, האָט אויף זיך אַ קאָפּ פון אַ גרויסן. אַלץ פאַרשטייט זי. אַז זי האָט עפּעס געזאָגט אַ חכמהלע, האָט זי די מאַמע געקושט. געשריען מיט באַגייסטערטע קולות: מענטשן, איר האָט שוין געזען אַזאַ אַלט קעפּל מיט אַזעלכע גאָלדענע לאָקן?

קומט אויס, אַז דינהלע איז עלטער געוואָרן, איז זי קלוגער געוואָרן. ניט אַזוי? לאָזט זיך גאָר אויס, אַז עפּעס איז פאָרגעקומען אין הויז, פאַר אירע אויגן, און זי האָט גאָר נישט פאַרשטאַנען. וואָס האָט געטראָפן? אָט וואָס! איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, זיי האָבן געגעסן, איז אַריינגעקומען אַ מאַן, דערלאַנגט דעם טאַטן אַ פּאַפּיר און זיך שנעל אָפּגעטראָגן. טאַטע־מאַמע זיינען געבליבן זיצן מיט די ביסנס אין מויל, האָט זיי דינהלע נאָכגעטאָן. דערנאָך האָט זי גענומען דאָס פּאַפּיר, געדרייט עס אַהין, אַהער, געוואָלט אויסגעפינען פאַרוואָס האָט עס אַריינגעבראַכט אַזויפיל אומעט אין הויז אַריין. פאַרוואָס אַזאַ שטיל־שווייגעניש? פאַרוואָס שאָקלט זיך דער טאַטע עפּעס אַזוי מאָדנע, אַז איר גלוסט זיך אַזש צו לאַכן? אָבער סע לייענט זיך ניט. די אותיות זיינען פאַר איר נאָך געוועזן פרעמד. האָט זי זיך געטוליעט צו דער מוטער, זי זאָל איר דערציילן וואָס סע שרייבט זיך אין דעם פּאַפּיר!

האָט די מאַמע געגלעט אירע בלאָנדע לאָקן און געזאָגט:

— דינהלע, דו וועסט נישט פאַרשטיין . . .

האָט זיך דינהלע געפּעשטשעט:

— איך בין אַ קלוגע, איך וועל פאַרשטיין!

דער טאַטע האָט ביי איר צוגענומען דאָס פּאַפּיר, אַריינגעלייגט עס צו זיך אין קעשענע. צום ערשטן מאָל, אַז זי האָט

אים געזען אַזוי בייז. ער האָט זיך אויף איר צעשריען:

— גיי שלאָפן, און לאָז אונדז צורו!

האָט דינהלע פאַרטראַכט אַ פּלאַן, אַז ביינאַכט וועט זי שטילערהייט אַרונטערגיין פון בעטל, נעמען צו זיך דאָס פּאַפּיר און אינדערפרי וועט זי שוין געפינען עמיצן צווישן די עלטערע קינדער, וואָס וועט פאַר איר איבערלייענען דאָס פּאַפּיר. זי מוז וויסן וואָס דאָרט שרייבט זיך.

ביינאַכט האָט זי געהאַט אַ מאָדנעם חלום. עפּעס אַ גרויסער אומגעלומפּערטער מאַן, מיט שוואַרצע קליידער, האָט איר געהאַלטן אין איין שטופּן פּאַפּיר אין מויל אַריין. זי שרייט, זי וואַרגט זיך, און דער מאַן לאַכט און לאַכט...

די מאַמע איז באַלד געשטאַנען לעבן איר בעטל, געקושט זי און געפרעגט: וואָס האָסטו אַזוי געשריען, קינד מיינס? דינהלע האָט גאָרנישט געדענקט. די מאַמע האָט זי איבערגעלייגט אויף דער אַנדערער זייט און איז אַוועקגעגאַנגען. דינהלע איז צוריק איינגעשלאָפן און אינגאַנצן פאַרגעסן אויפצושטיין ביינאַכט און אַרויסנעמען דאָס פּאַפּיר פון דעם טאַטנס קעשענע.

ביז וואָס־ווען, זיינען איין פרימאָרגן געקומען עטלעכע מענער, אַפילו קיין גוט־מאָרגן נישט געזאָגט, און גלייך גענומען טראָגן דאָס מעבל פון הויז. דער טאַטע איז אין הויז נישט געווען און די מאַמע האָט זיי גאָרנישט געזאָגט, נאָר גענומען אָנטאָן דינהלען און געוויינט. האָט דינהלע געכאַפּט דעם בעזים און גענומען טרייבן די פרעמדע מענער וואָס טראָגן אַרויס דאָס מעבל. די מאַמע האָט ביי איר צוגענומען דעם בעזים, גענומען זי ביים הענטל און אַוועקגעפירט צו אַ שכנה. האָט דינהלע זיך געריסן אויף צוריק און געוואָלט וויסן פאַרוואָס די מאַמע לאָזט די שלעכטע מענטשן אַרויסטראָגן זייער מעבל. האָט די מאַמע ווידער געזאָגט:

— קינד מיינס, דו וועסט נישט פאַרשטיין...

— וואו וועלן מיר שלאָפן? — האָט דינהלע אויסגעשריען.

די מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט שלאָפֿן בײַ דער שכנה.

— און דו, מאַ, וואו וועסטו שלאָפֿן ?

— איך וועל שלאָפֿן בײַ דער מומע עטל.

— און דער פּאַפּאַ ? — האָט דינהלע ווײַטער געפֿרעגט.

די מוטער האָט זי געוואָלט באַרואיקן :

— דער טאַטע אירער וועט אויך האָבן ערגעץ אַ פּלאַץ צום שלאָפֿן.

דינהלע האָט געפֿילט, אַז איר קעפּל גייט איר כאָדאָראָם. אָט צעווײנט זי זיך : וואָס טוט זיך מיט די דערוואַקסענע מענטשן ? באַלד זאָגן זיי דיר, אַז מען פֿאַרשטייט נישט . . . זי וויל וויסן פֿאַרוואָס זיי טאָרן נישט שלאָפֿן אין דערהיים. זי האָט אַזוי פֿיל פֿאַרוואָסן צו פֿרעגן, אָבער די מאַמע האָט פֿאַר איר געעפֿנט די טיר און אַליין איז זי פֿאַרשוואונדן.

די שכנה האָט פֿײַן אויפֿגענומען דינהלען, זי באַזעצט אויבנאָן, געגעבן איר עפּעס אָפּצועסן. די שכנה האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיט איר ווי מיט אירע אייגענע קינדער. געוויזן איר דאָס בעטל, וואו זי וועט שלאָפֿן, געגעבן איר זאַכן צו שפּילן זיך, און ווען זי איז געגאַנגען אײַנקויפֿן, האָט זי אָנגע־זאָגט אירע אייגענע צוויי ייִנגלעך, אַז זיי זאָלן זײַן גוט צו דינהלען און זי וועט זיי דערפֿאַר ברענגען צוקערקעס.

דינהלען האָט שטאַרק געצויגן צו זייער שטוב. זי האָט געוואָלט וויסן וואָס דאָרט טוט זיך. אפשר האָבן די שלעכ־טע מענטשן זיך איבערגערעכנט און צוריקגעבראַכט דאָס מעבל ? וועט זי גלײַך לויפֿן זאָגן דער מאַמען און זיי וועלן נישט דאַרפֿן שלאָפֿן אין פֿרעמדע הייזער. איז זי געלאָפֿן אָן אָן אָטעם און אָט שטייט זי פֿאַר זייער הויז אַ פֿאַרקלעמטע. דאָס גאַנצע מעבל פֿון זייערע דרײַ צימערן ליגט אין אַ קופּע. פֿון אַ ליידיק פֿעסל שטעקט אַרויס די אַמעריקאַנער פֿאָן, וואָס דער טאַטע הענגט אַרויס פֿון צײַט צו צײַט, און זאָגט איר דאַן אַז ס'איז אַ יום־טוב. אָט ווילן קינדער עפּעס אַוועקשלעפּן

און זי שרייט אָן אויף זיי: דאָס איז אונדזער מעבל! זי באַ-טראַכט אויך ווי איר שפּילצייג ליגט העט אונטן. זיי וועלן זיכער צעבראָכן ווערן, די שפּילעכלעך, און קיינעם אַרט דאָס נישט. זי פּרואווט דערשלאָגן זיך צו זיי, אָבער עס קומט איר אָן שווער און די קינדער לאַכן פון איר: דו קענסט נישט! דו קענסט נישט! בלייבט זי שוין זיצן און לאַכט אויך. אין אירע אויגן גלאַנצן טרערן. זי דערזעט עטלעכע עלטערע פרויען שטיין אין אַ רעדל. גייט דינהלע צו און פרעגט ביי איינער:

— באָבע, פאַרוואָס האָט מען אַרויסגעשטעלט אונדזער מעבל?

— ווייל דיין טאַטע האָט קיין דירה־געלט נישט געצאָלט.

— פאַרוואָס האָט ער נישט געצאָלט? — פרעגט דינהלע. אין דער אמתן האָט זי נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס איז דאָס אַזוינס דירה-געלט. זי האָט זיך אָבער געשעמט צו פרעגן וועגן דעם.

די פרוי האָט איר אַ קניפּ געטאָן אין בעקל און געזאָגט:

— ווייל ער האָט נישט געהאַט...

— פאַרוואָס האָט ער נישט געהאַט?

די פרוי איז אַוועקגעגאַנגען.

איז דינהלע נישט פויל געווען און זיך געווענדט צו אַ צווייטער פרוי, און ווידער די אייגענע מעשה. די צווייטע פרוי האָט זיך גאָר געבייזערט:

— אַן אַלטער קאָפּ, אַלצדינג וויל דאָס וויסן...

דינהלע האָט זיך פּלוצים צעוויינט. זי האָט גערעדט צו זיך אַליין:

די פרויען זיינען שטאַרק גערירט געוואָרן פון איר געוויין און זיי האָבן זי גענומען איינשטילן:

— שאַ, שאַ, קינד ! דו וועסט נאָך צייט האָבן צו וויסן פון אַזעלכע גדולות . . .

— איך וויל איצט וויסן !

— איצט וועסטו נישט פאַרשטיין !

— זאָגט מיר, וועל איך פאַרשטיין !

די פרויען האָבן געצויגן מיט די אַקסלען און איינציקווייז אַוועקגעגאַנגען.

יענע נאַכט איז דניהלע צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געשלאָפן אויף אַ פרעמד געלעגער. זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געטראַכט וועגן טאַטן, וועגן דער מאַמען, וואָס זיינען ווייט פון דאַנען. עס האָט זיך איר געוואָלט וויינען הויך אויפן קול, נאָר די מאַמע האָט זיך ביי איר געבעטן, איידער זי איז אַוועקגעגאַנגען, אַז זי זאָל זיין שטיל : נישט שיין צו וויינען אין אַ פרעמד הויז . . . איז זי געלעגן און געדרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער. זי האָט שוין געוואָלט פטור ווערן פון דער לאַנגער, לאַנגער נאַכט . . .



# אַ בריוועלע פונעם טאַטן

הערשעלע האָט באַשטימט נישט געוואוסט פאַרוואָס זיין טאַטע איז אַוועק פון הויז מיט אַ רענצל אין די הענט, און די מאַמע איז גאָר געזעסן אין אַן אַנדער צימער און געוויינט. בלויז ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפרייסן פון זיין טאַטן. ער האָט אים פשוט דעם וועג פאַרשטעלט, נישט געלאָזט אים אַוועקגיין. דער טאַטע האָט אים געקושט און צוגעזאָגט, אַז ווען ער וועט מאַכן אַ סך געלט, וועט ער זיך אומקערן צוריק...

און ווען דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן, איז הערשעלע אַריין צו דער מאַמען און איר געוואָלט העלפן וויינען, האָט די מאַמע געמאַכט אַן אָנשטעל אַז זי לאַכט, גלייך סע האָט גאָר־נישט פאַסירט. איז הערשעלע שטאַרק צעטומלט געוואָרן. ער האָט נישט געוואוסט צי ער זאָל פאַראיבל האָבן אויפן טאַטן וואָס ער האָט זיי פאַרלאָזט, צי גאָר אויף דער מאַמען, וועלכע האָט קיין איינציק וואָרט נישט געזאָגט דערויף . . . זיין קעפּל האָט זיך ביי אים געדרייט ווי ביי אַ שיכור ; ווי אַזוי הייבט מען אָן צו פאַרשטיין אָט־די גרויסע מענטשן ?

די מאַמע איז אויפגעשטאַנען יעדן פרימאָרגן, ווען אין דרויסן איז נאָך אַזוי שטיל און באַפוילן הערשעלען אַרויסצו־קריכן פון זיין וואַרימען געלעגער. סע האָט זיך אים אַזוי נישט געוואָלט, האָט אָבער די מאַמע געזאָגט, אַז ער מוז זיין אַ גוט ייִנגעלע און איר פאָלגן, אַז נישט וועט זי אויך אַוועק פון הויז, ווי דער טאַטע. . . האָט זיך הערשעלע געמאַכט פאַר אַ בראַוו ייִנגעלע און מיט קוראַזש גלייך אַרויס פונעם וואַ־רימען בעטל, אַפילו צוגעזונגען אַ לידעלע. די מאַמע האָט אים גלייך אַרומגעוואַשן, זיי האָבן געגעסן וואָס זי האָט צו־געגרייט, און ער האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט. זי האָט אים אַוועקגעפירט צו דער מומע זיינער. מ׳האָט זיך גוט אָנגע־קושט און די מאַמע איז אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג.

ערשט דערנאָך האָט זיך הערשעלע געוואונדערט : פאַר־וואָס איז דאָס אַזוי ? ער האָט געוואוסט אַז דער טאַטע פלעגט

יעדן טאָג אין וואָך פֿאַרלאָזן אַזוי פֿרי דאָס הויז, ווען הערשע־לע שלאָפֿט נאָך, אָבער די מאַמע איז מיט אים איבערגעבליבן. האָט ער געפֿרעגט זיין מומע באַשע, וועלכע איז אַליין געווען פֿאַרנומען מיט אירע קינדער, זי זאָל אים דערקלערן: פֿאַר־וואָס און פֿאַרוואָס? האָט די מומע באַשע געצויגן מיט די אַקסלען און גאָרנישט געענטפֿערט. און אַז הערשעלע האָט אַ זיפֿץ געטאָן, האָט זי אים אַ נאָמען געגעבן אַלטער מאַן. אַ יינגעלע דאַרף זיין פֿריילעך! האָט הערשעלע ביי איר גע־וואָלט פֿרעגן: ווי אַזוי קאָן ער זיין פֿריילעך, אַז זיין טאַטע איז ערגעץ, ווער ווייסט וואו, און די מאַמע . . .

נאָר איידער וואָס-ווען, האָט אים די מומע געטריבן אין גאַס אַרויס. זאָל ער זיך דאָרט שפּילן מיט די קינדער און ווייניקער קלערן. האָט הערשעלע זי געפֿאָלגט. ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט זי אויך אַוועקגיין אויף אַ גאַנצן טאָג, ווי די מאַמע זיינע . . .

אויפֿן גאַס האָט הערשעלע נישט געהאַט קיין גרויס נחת. ער האָט פֿאָרגעשלאָגן זיין מומעס יינגעלע און מיידעלע, אַז זיי זאָלן זיך מיט אים שפּילן אין „טאַטע־מאַמע און יינגעלע". ער וועט טאַקע זיין זייער יינגעלע, האָבן זיי פֿון אים געלאַכט: סע געפֿעלט זיי נישט! נו, וועט ער שפּילן אַן אַנדער שפּיל.

באַלד האָבן זיך באַוויזן נאָך קינדער און ס'איז געוואָרן פֿריילעכער. הערשעלע האָט אויפֿגעלעבט. זיינע בעקלעך האָבן זיך צעפֿלאַמט. ער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן טאַטע־מאַמע. אָט רופֿט מען שוין די קינדער צו גיין עסן.

זיינען זיך אַלע קינדער צעלאָפֿן, נאָר הערשעלע איז גע־בליבן שטיין אויפֿן טראָטואַר אַ פֿאַרטראַכטער, אַ פֿאַרבענק־טער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קינד וואָס עמיצער האָט פֿאַר־לוירן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַרן הויז וואו זיי האָבן געוואוינט און זיך געטראַכט, ווי גוט סע וואָלט געווען ווען פּונקט איצט קומט אָן זיין טאַטע. ער וואָלט אים נישט אויפֿ־געהערט צו קושן . . .

איז אָנשטאָט דעם טאַטן גאָר אָנגעקומען דער בריוו־

טרעגער מיט אַ פעטן טאַש בריוו. ער האָט הערשעלען גע־גלעט איבערן קעפּל און געזאָגט:

— וועסט זיין אַ גוט יינגעלע, וועל איך דיר געבן אַ ברי־וועלע!

האָט הערשעלע געשאָקלט מיטן קעפּל אויף יאָ. האָט אים דער בריוו־טרעגער גלייך דערלאַנגט אַ בריוועלע אין אַ בלויען קאָנווערט. אים ווידער אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל און איז אַוועק.

הערשעלע האָט דאָס בריוול געוואָלט איבערלייענען, אָבער גיי לייען, אַז סע לייענט זיך נאָך נישט! ערשט איבער אַ יאָר וועט ער אָנהייבן גיין אין שול אַריין. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: אפשר זאָל ער דאָס בריוול ווייזן דער מומע באַשע? זי וועט באַלד איבערלייענען! ער איז איר מקנא, וואָס זי קען לייענען.

באַלד איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס בריוול איז דאָך אוודאי פונעם טאַטן. ער האָט שוין געוויס דאָרט געמאַכט אַ סך געלט מסתמא און קומט אַהיים. ווי באַלד אַזוי וועט ער דאָס בריוול האַלטן ביי זיך. ער וועט איבערראַשן דער מאַ־מען. אַך וועט זי זיך פרייען! זי וועט שוין מער נישט אַוועק־גיין אויף דעם גאַנצן טאָג און אים לאָזן אַליין . . .

הערשעלע האָט זיין פּלאַן דורכגעפירט ווי אַ גרויסער. באַלד נאָך דער וועטשערע האָט ער באַפוילן דער מאַמען, אַז זי זאָל אירע אויגן פאַרמאַכן און ווען זי האָט זיי געעפנט איז שוין דאָס בריוול געלעגן אויפן טיש.

דאָס בריוול איז גאָר געווען פון דער „געז־קאָמפּאַני״, אָבער די מאַמע האָט דאָס הערשעלען נישט געזאָגט. זי האָט געשמייכלט בעתן לייענען דאָס בריוול . . .

„דאָס איז דאָך אַ באַוויז אַז סע איז פונעם טאַטן״ איז הערשעלע געווען זיכער. ער האָט געטוליעט זיין קעפּל צו דער מאַמען, אַריינגעקוקט מיט זיינע גלאַנציקע אייגעלעך אין אירע מאַטע אויגן און געפרעגט:

— ווען קומט ער ? און וואָס פֿאַר אַ מתנות ברענגט ער אונדז ? — און נאָך איידער די מאַמע האָט אים געענטפֿערט, האָט ער זי אַ צי געטאָן פֿאַרן קלייד און געכאַפּט מיט איר אַ טענצל. ער האָט געפֿילט, אַז קיינער איז איצט צו אים נישט גלייך . . . און די מאַמע האָט אים זיין אומזיסטע פֿרייד נישט געוואָלט צעשטערן . . .



# דאָס אומעטיקע ייִנגעלע

דער קליינער לודוויג איז געשטאַנען פאַרן הויז, צוגעקוקט ווי אַלע קינדער שפּילן זיך, און ער האָט זיך אַפילו נישט צו־גערירט צו זיי, ווי ער וואָלט שוין געווען אַ דערוואַקסענער.

די מאַמע זיינע וועלכע פלעגט צייטנווייז זיצן ביים אַריינ־גאַנג פון הויז, האָט זיך ביי אים געבעטן אַז ער זאָל זיך שפּילן מיט זיי, נישט מורא האָבן מער, קיינער וועט אים דאָ קיין שלעכטס נישט טאָן! ער איז דאָך צווישן אַזויפיל יידישע קינדער. אין אַ פריי לאַנד אַצינד. דערנאָך האָט זי דערציילט פאַר די אַנדערע מאַמעס וואָס פאַר אַ פריילעך ייִנגל לודוויג איז געווען אין זיין היים, פונוואַנען מען האָט זיי אַרויסגע־טריבן... געהאַט אַזויפיל חברים! אַלעמאָל געשפּילט זיך ביז מיד ווערן. זי האָט אַ זיפץ געטאָן דערביי און מער נישט גערעדט, ווי זי וואָלט אַפילו דאָ אויף דער פרייער ערד מורא געהאַט צו באַקלאָגן זיך אויף דעם נאַצי־לאַנד...

לודוויג איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער, געביסן זיך די נעגל פון זיינע הענט, ווייל אים האָט זיך דערמאָנט אַ סך זאַכן פון זיין געבורטס־שטעטל: ווי אַזוי איין פרימאָרגן איז ער געקומען אין שול אַריין לערנען, און געטראָפן אַ נייעם לע־רער. אַזאַ בייזן! ער האָט געזאָגט די קינדער, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט לודוויג, דאָס יידישע ייִנגל, זיצן אויף אַ באַזונדער בענקל, אָפּגעזונדערט פון אַלע קינדער, ווייל זיין בלוט איז אַנדערש פון זייער בלוט... די קינדער האָבן גע־הויבן מיט זייערע אַקסלען, געוואָלט לאַכן. אָבער דער לע־רער האָט געהאַט אַזאַ בייז פּנים און געהאַלטן אין איין שרייען, האָבן זיי מורא געהאַט זייערע מיילער צו עפענען...

און אַז לודוויג איז געקומען אַהיים מיט אַ געוויין, גע־פרעגט דעם טאַטן זיינעם וועגן דער דאָזיקער ענדערונג, האָט דער פאָטער אים געגלעט איבער זיינע פאַרטרערטע בעקלעך און געזאָגט אַזוי: „דו, זון מיינער, דאַרפסט נישט וויסן פון קיין פּאָליטיק! דו דאַרפסט זיך שפּילן! פריילעך זיין!"...

אַן אַנדערש מאָל האָט דער טאַטע געטראָפֿן אויף דער גלעזערנער טיר פֿון זיין קאַבינעט אַן אויפשריפט מיט גרויסע אותיות „יודע!". בייזע געשרייען האָבן זיך דורך די פענצטער געהערט, און דער טאַטע האָט אים אַלץ געהייסן נישט הערן, זיך נישט מישן צווישן די דערוואַקסענע... זאָל ער זיך גיין שפּילן מיט זיינס גלייכן... לודוויגן האָט דאָס אַלץ ווי געטאָן. אַקוראַט פונוואַנען דאָס רשעות קומט האָט ער נישט פאַרשטאַנען, אָבער פאַרוואָס שווייגט דער טאַטע?...

דערנאָך האָט פּאַסירט אַז לודוויגס חברים האָבן אים אָנגעהויבן אויסצעמיידן. אייניקע פון זיי האָבן אים צייטנווייז אויפגעוואָרפן אַז זיין בלוט איז אומריין... אים אַפילו געוואָלט שלאָגן. בלויז איין יינגעלע, פריץ, איז צו אים געקומען און ביידע האָבן זיך אין קעלער געשפּילט. מורא גע־האַט פאַר אַנדערע צו שפּילן זיך אויף דער גאַס.

האָט זיך דאָס אַלץ דעם קליינעם לודוויגן צוגעגעסן, און ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו חברן זיך מיט זיין זיידן. אים האָט לודוויג אַלץ געפרעגט. פאַר וואָס און פאַר ווען? און דער זיידע האָט אים אַזעלכע שיינע מעשהלעך דערציילט. אַלץ פון אַמאָל. פון דער ביבל אַרויס. ווי אַזוי שלעכטע מענטשן זיינען אויף דאַן אויפגעשטאַנען צו פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק און עס זיינען אויפגעשטאַנען יידישע גיבורים, אַזעלכע ווי די חשמונאים, שמשון הגיבור, בר־כוכבא און אַנדערע, אָנגענומען זיך פאַרן כבוד פון פאָלק... גאַנצע נעכט האָט זיך לודוויגן געוואָלט זיצן און הערן.

דער פאָטער זיינער, וואָס פלעגט ערשט מיט אַ צייט צוריק נישט זיין צופרידן אַז זיין יינגל לודוויג זאָל זיך צוהערן צום זיידנס מעשהלעך, האָט פלוצים אויף ליב באַקומען זיך צוצוהערן...

בעת די קינדער דאָ אין פרייען לאַנד, ניט ווייט פון לודוויגן, זיינען שטאַרק פאַרטיפט געוועזן אין זייער שפּיל, די באַקן האָבן ביי זיי געפלאַמט, די געשרייען האָבן זיך פריי געטראָגן איבער אַ ניו־יאָרקער גאַס, האָט זיך גאָר דעם קליינעם לודוויגן דערמאָנט זיין טאַטע, וואָס איז פלוצים פון דער היים

פֿאַרשוואונדן, אַז קיינער ווייסט נישט ביז היינט צו טאָג וואו־הין ער איז אַהינגעקומען. דער זיידע האָט דאַן צו אים אַזוי געזאָגט: „קום, מיין קינד, אין דער סינאַגאָגע וועלן מיר גאָט בעטן, אַז דער טאַטע זאָל זיך אומקערן צוריק״ . . .

אין דער סינאַגאָגע זיינען שוין אַ סך יידן געווען פֿאַר־זאַמלט. דער זיידע האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים אָפֿענעם ארון־קודש מיט אַ סידור און געזאָגט תהילים. אים האָט זיך אויך געוואָלט זאָגן, אָבער ער האָט ניט געלערנט, האָט ער בלויז דעם ניגון אויפֿגעכאַפּט.

פּלוצים האָט אַ פֿייער אַרומגעכאַפּט די סינאַגאָגע. דער רויטער פֿלאַם האָט זיך געשפּאַרט דורך די פֿענצטער. יידן ווילן זיך ראַטעווען, אָבער די טירן זיינען פֿון דרויסן פֿאַר־שלאָסן. יידן לויפֿן הין און צוריק פֿאַרצווייפֿלטע, און שלעכ־טע מענטשן אין דרויסן לאַכן, לאַכן אַזוי הויך! . . . לודוויג האָט אַ צעכעסטער אויפֿגעהויבן אַ פֿויסט, אים האָט זיך גע־וואָלט זיין אַצינד איינער פֿון די העלדן וואָס דער זיידע האָט אים דערציילט פֿון זיי . . . אָבער אינמיטן טראַכטן אַזוי, האָבן אים יידן אַרויסגעוואָרפֿן דורך אַ פֿענצטער, ווי ער וואָלט עפּעס אַ פּעקל געווען. „גיי, יינגל, ראַטעווע זיך!״ . . . און ווען די טירן זיינען פֿון דעם פֿייער אומגעפֿאַלן, האָט ער גע־זען ווי יידן טראָגן זיך מיט תורות אויף די הענט. שטופּן זיך דורך די געדיכטע וואָלקנס רויך, און די שלעכטע מענטשן לאָזן זיי די תורות נישט ראַטעווען . . .

אָט די אַלע בילדער שוועבן אַלעמאָל פֿאַר די אויגן פֿון דעם קליינעם לודוויגן און זיין שטערן קנייטשט זיך ווי ביי אַן אַלטן מאַן.

איז די מוטער געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן אים: וואָס וועט זיין דער תכלית? אָט זיינען זיי שוין אין אַ פֿריי לאַנד און איר איינציק יינגעלע טראָגט זיך נאָך אַלץ אַרום מיט אַ מורא אין האַרצן. וויפֿיל זי האָט זיך ביי אים נישט געבעטן אַז ער זאָל ווערן גלייך מיט אַלע קינדער, האָט דאָס איר נישט געהאָלפֿן. ער איז פֿאַרבליבן דאָס אומעטיקע יינגל פֿון דער גאַס. האָט זי געטראַכט און געטראַכט, ביז איינמאָל איז איר

איינגעפאַלן אַז פאַרן שלאָפן־גיין זאָל זי אים דערציילן פון דעם זיידנס מעשהלעך וואָס ער האָט זיי אַזוי ליב געהאַט. האָט זיך אים טאַקע יענע נאַכט געחלומט אַז ער איז בר־כוכבא, ער האָט צונויפגענומען אַזויפיל יידישע קינדער, אַלע גאַסן זיינען פאַרפלייצט געוואָרן, און אַלע זיינען זיי אַוועק אין זיין היימלאַנד און פאַרטריבן אַלע שלעכטע מענטשן פון דאָרט אין די וועלדער אַריין, צווישן די חיות . . . לודוויג האָט אַזויפיל נחת געהאַט פון דעם, אַז ער האָט אַזש פון שלאָף געלאַכט הויך אויפן קול . . .

יענעם פרימאָרגן איז לודוויג אויפגעשטאַנען אַ פריילעכער, אַ לעבעדיקער. דערציילט זיין זיסן חלום דער מאַמען. האָט זי אים געזאָגט אַז ער וועט אויפהערן זיין אומעטיק, וועט ער טאַקע אויך אַן אמת אויסוואַקסן אַ בר־כוכבא. זי האָט אַליין געלייענט אַז יענער איז קליינערהייט אַלעמאָל געווען לוסטיק און געשפּילט זיך מיט אַלע קינדער, אַז ווען זיי וועלן גרויס ווערן זאָלן זיי צו אים זיך צוהערן . . .

איז דאָס דעם קליינעם לודוויגן זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן. די קינדער אין גאַס האָבן זיך פשוט נישט געקענט אָפּוואונדערן: עפּעס גאָר אַן אַנדער לודוויג געוואָרן . . . ער קאָן דאָך אַלע שפּילן באַגלייך מיט זיי אַלעמען . . .



## גוט צו זיין אַ זיידע . . .

דאָס יינגעלע, וואָס וועגן אים וועל איך אייך איצט דערציילן, האָט געהייסן נסין, נאָר אַלע האָבן אים גערופן ניסעלע. אַז ס׳איז געקומען די ערשטע נאַכט סוכות, האָט ער געוויינט, אַז ער וויל נאָר גיין שלאָפן מיטן זיידן אין סוכה. פאַרוואָס? ווייל דער זיידע האָט אים געזאָגט אַז מלאכים קומען אַהין צופליען, און ווער ס׳איז גוט און פרום, דער זעט זיי . . .

נו, האָט ניסעלע געוואָלט זען ווי אַזוי אַ מלאך קוקט אויס, צי ער האָט טאַקע פיר פליגלען, און ווידער, וויל ער טאַקע עפּעס אויסבעטן ביי אים. וואָס, ווייסט ער דערווייל נאָך נישט. אפשר וועט ער בעטן דעם גוטן מלאך אַז ער זאָל אים מיטנעמען אין הימל אַריין . . . ער וויל זען וואו די זון שלאָפט איבערנאַכט. ער וויל אויך זען ווי אַזוי גאָט מאַכט שניי . . .

הכלל ניסעלע האָט אויסגעפירט דאָס זייניקע. ער איז געגאַנגען שלאָפן מיטן זיידן אין סוכה. איז ער געלעגן מיטן פּנים אַרויף און האָט אָנגעקוקט פון די שטיקלעך הימל, פון די שטערן, וואָס ווינקען אַריין צו אים דורכן שיטערן סכך. נישט געוואָלט איינשלאָפן ביז דער מלאך וועט זיך באַווייזן, אָבער ער איז איינגעשלאָפן און באַלד האָט זיך אים געחלומט אַז ער שפּילט זיך מיט די קינדער אין גאַס. פלוצם דערהערט ער ווי עמיצער רופט אים:

— ניסעלע, האָסט שוין פאַרגעסן ווער סע וועט באַלד זיין ביי דיר אין סוכה?

ניסעלע שרייט: קינדער, איך מוז גיין! ביי אונדז אין סוכה וועט זיין צוגאַסט אַ מלאַך.

לויפן אַלע קינדער נאָך. זיי ווילן אויך זען דעם מלאך... באַלד פרעגט זיי ניסעלע: האָב איך אייך גענאַרט? ציען די קינדער מיט די אַקסלען, גלאָצן מיט די אויגן, זיי זעען גאָרנישט. לאַכט ניסעלע פון זיי, און זאָגט זיי, אַז זיי זיינען

נישט געגוג פּרום: אָט שטייט ער דאָך לעבן מיר! אָט גלעט איך דאָך זיינע פליגלען. איר זעט?

די קינדער מאַכן אַוועק מיט די הענט און גייען זיך צו־ריק שפּילן.

דער מלאך זאָגט: גוט וואָס דו ביסט פאַרבליבן אַליין. איך וויל דיך בענטשן. וואָס איז דיין פאַרלאַנג?

קראַצט ער זיך אין קעפּל. ער האָט אַזויפיל פאַרלאַנגען, אַז ער איז אַזש צעטומלט. ער בעט זיך: אָט וועט ער אַ פרעג טאָן ביי דער מאַמען, ביים טאַטן... דער מלאך שלאָגט אים איבער:

— פאַר דיר אַליין קענסטו בעטן!

— איך וויל אַ פידעלע, — זאָגט ניסעלע און קיין ענט־פער הערט ער נישט.

אַוועקגעפלויגן דער מלאך. סטייטש, ער האָט דאָך גאָר־נישט איבערגעציילט די פליגלען. און פאַרוואָס האָט ער אים נישט געבעטן אַז ער זאָל אים מיטנעמען אין הימל אַריין? ער וועט זיכער באַלד צוריקקומען, טרייסט זיך ניסעלע.

דערווייל האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. אַ ברוינע שכנהשע ציג איז שוין באַצייטנס הונגעריק געוואָרן, האָט זי זיך אַפּנים געטראַכט, אַז אין אַ סוכה קען מען אַלע מאָל עפּעס געפינען צום עסן, אפשר שטיקלעך חלה, אָדער אפשר האָט דער ווינט אַרונטערגעטראָגן אַביסל סכך, דאָס איז ביי איר אויך אַ מאכל... האָט זי זיך אַריינגעשאַרט און אָנגעהויבן שמעקן מיט איר נאָז אויף דער ערד, אויף די בענק, ביז זי האָט פאַר־בלאָנדזשעט צום פּלאַץ וואו ניסעלע און זיין זיידע זיינען גע־שלאָפן. זי האָט אָנגעהויבן צו לעקן זייערע פּנימער אַזוי לאַנג, ביז ניסעלע האָט זיך מיט שרעק אויפגעכאַפּט און זיך אַזש אָנגעהויבן טרייסלען. האָט זיך די ציג דערשראָקן און איז מיט דריבנע טריטעלעך אַרויסגעלאָפן.

איז שוין ניסעלע מער נישט געשלאָפן. געלעגן און גע־טראַכט אַז די נאַכט איז שוין אַוועק און דעם מלאך האָט ער נישט געזען. ער וואָלט אַ בעלן געווען צו וויסן, צי האָט דער זיידע יאָ געזען דעם מלאך. נישט געטראַכט קיין סך, האָט ער אָנגעהויבן צו טאָרען דעם זיידן. צום אָנהייב לייכט און דערנאָך שטאַרקער אַביסל, ביז ענדלעך האָט ער אים אויפ־געוועקט און אים נייגעריק געפרעגט:

— זיידע, געזען? — דער זיידע נאָך האַלב־פאַרשלאָפן, האָט מיט אָפּקומעניש געענטפערט:

— געזען! — און גלייך האָט ער זיך איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט.

ניסעלע האָט אים שטאַרק מקנא געווען, געטראַכט זיך, אַז ער וועט שוין מוזן וואַרטן ביז ער וועט אויך ווערן אַ זיידע..



## די משערעדע האָט געוויינט . . .

ווייט, ווייט פון דאַנען, אויף אַ פעלד אַ גרינעם, לעבן אַ ליי-
ווענטן געצעלט, איז אַ פּאַסטוכל זאָרגלאָז געזעסן. ער
האָט באַטראַכט דעם טיילוויייזן בלויען הימל איבער זיך. גע-
וואָלט וויסן צי וועט הייַנטיקע נאַכט קיין רעגן נישט קומען צו
גיין.

ווען יאָ, ווערט ער באַזאָרגט, ווייל אַלע שאָף און רינדער
זיינען ביי אים פּונקט ווי זיינע קינדער. אָבער ער האָט נישט
וואו צו באַלייגן זיי שלאָפן, אַז זיי זאָלן נישט נאַס ווערן. בלויז
די קליינע ציגעלעך און לעמעלעך נעמט ער צו זיך אין ביידל
אַריין — פאַר מער איז קיין אָרט נישטאָ.

האָט זיך דער הימל געגעבן אַ לייטער אויס, איז דער
פּאַסטוך געוואָרן פריילעך. געטרונקען מיט גרויסן אַפּעטיט
קוואַל-וואַסער פון זיין הילצערנער באַנקע. געקוויקט זיך ווי
מיט דעם בעסטן וויין. דערנאָך האָט ער מיט דער הוילער
האַנט באַווישט זיין מויל. די ליפּן טרוקן. אַרויסגענומען פון
זיין טאָרבע זיין אייגן געשניצטן הילצערנעם פייפל און גע-
שפּילט פאַר די שאָף און רינדער אויסגעטראַכטע מעלאָדיעס.
די טענער זיינען געווען אָנגעפילט מיט בענקשאַפט, אַז אים
אַליין האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן . . .

די שאָף און רינדער זיינען געלעגן אויסגעלייגט אויף
זייערע בייכער און ווי מענטשן-קינדער געווען שטיל. זיך
איינגעהערט. דאָ און דאָרט האָט איינע פון זיי אַ מעקע גע-
טאָן. אַוודאי שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן . . .

פאַרן שלאָפן גיין האָט דאָס פּאַסטוכל אויך ליב געהאַט
צו דערציילן מעשהלעך פאַר די שאָף און רינדער. אַלץ פון
די שטאָטישע מענטשן — פון זייערע שלעכטע געוואוינהייטן.
טייל האָבן דאָרטן צופיל צום עסן און טייל הונגערן: וואָס
אַ שטייגער וואָלטן זיי געזאָגט, ווען ער זאָל פּאַשען בלויז
איניקע פון די שאָף און רינדער ?

ווען די שאָף און רינדער וואָלטן קאָנען ריידן, וואָלטן זיי
אַזוי געזאָגט: ניין, אונדזער טאַטע-פּאַסטוך וועט עס נישט
טאָן.

ער האָט זיך דערבײַ אַליין שטאַרק צעלאַכט אַזש. פון ער־געץ ווייט־ווייט האָט אימיצער נאָכגעלאַכט. די שאָף און רינדער האָבן זייערע קעפּ אויסגעדרייט, באַוואונדערט וואָס ערגעץ ביים שפּיץ הימל, ליגט אַ מענטש באַהאַלטן און אַז מען שרייט הויך, אָדער מען לאַכט, קרימט זיך יענער דאָרט נאָך . . .

ווען דער פּאַסטוך האָט אין דער שטיל דערציילט זיינע מעשהלעך, האָבן אים די שאָף און רינדער געקוקט גלייך אין מויל אַריין, ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט. זיי האָבן זיך נישט ווויסנדיק געמאַכט ווען אַ פליג האָט זיי אַ ביס געטאָן אין לייב. זיי האָבן בלויז אַ בייזן שאָקל געטאָן מיט די לאַנגע אויערן — אַ צייכן, אַז שפּעטער וועלן זיי זיך מיט די פליגן שוין אָפּרעכענען . . .

מיטאַמאָל האָבן זיך אויפן בלויען הימל באַוויזן ריזיקע פייגל מיט שטאָלענע פליגל (וואָס מיר רופן אָן עראָפּלאַנען), באַלד ממש איבער אַלעמענס קעפּ געפלויגן.

אָט איז איינער אין טייך אַריינגעפאַלן. עס האָט זיך טאַ־קע דערהערט אַ קרעכצן . . . וואָס אַ מאָל שטילער געוואָרן.

האָט זיך דער פּאַסטוך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן : אָט די מונוט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אַרום דער שטאָט, נישט ווייט פון דאַנען, גייט אָן אַ מלחמה : אָבער וואָס ווילן די שלעכטע מענטשן פון אים ?

איידער וואָס־ווען, פאַלן שוין שטיקער פּולווער אויפן פעלד. די ווייכע גרינע גראָזן זיינען אויסגעפליקט מיט די וואָרצלען, מיט דער ערד. אַלץ האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן און וואָס פאַר אַ רויך !

דער פּאַסטוך האָט זיך די האָר פון קאָפּ געריסן : ווי אַזוי נעמט מען און מען צערייסט אַזאַ גרין פעלד, וואָס זעט אויס אַזוי שיין און שמעקט אַ מחיה ? היינט די פעטע פּאַשע פאַר די שאָף און רינדער ? ער האָט אויפגעהויבן אַ פויסט אַרויף און זיך צעשריען : פליט אַוועק פון דאַנען ! לאָזט אונדז ווייטער לעבן אין פרידן . . .

אָבער קיינער האָט זיך צו אים נישט געוואָלט צוהערן. האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זיין גרינגע טאָרבע אויף די פּלייצעס, זיין הויכן שטעקן, צוויי פינגער אין מויל אַריינגעשטעקט און אַ גרויסן פייף געטאָן — אַ סיגנאַל אַזאַ צו די שאָף און רינ־דער, אַז געפאַר לויערט איבער זייערע קעפּ. זאָל זיי לויפן, לויפן ערגעץ אויף אַ פרייען פעלד, וואו די מלחמה גייט נישט אָן.

האָבן זיך אַלע גענומען טוליען איינער צום צווייטן, אויס־געזען ווי מען שושקעט זיך, אַז מען דאַרף זיך האַלטן צוזאַ־מען. געטוליעט זיך צום פּאַסטוך, אָבער ער האָט באַפוילן צו לויפן פון דאַנען...

נו, זיינען זיי געלאָפן און געלאָפן, אויסגעזען ווי יאַגנדי־קע וואָלקנס, ווייל די מערסטע פעל פון די שאָף און רינדער זיינען געווען טונקל־גרויע. דאָ און דאָרט האָט מען זיך אומ־געקוקט צום טאַטע־פּאַסטוך, וואָס האָט אויך גיך געשפּאַנט. ווידעראַמאָל געבעטן זיך ביי די פליער פון אויבן צו האָבן רחמנות אויף זיין טשערעדע.

פלוצים האָט זיך איין שאָף אָפּגעשטעלט. ווייטער גייט זי נישט! וואו איז דער טאַטע־פּאַסטוך, וואָס מען זעט אים מער נישט אָן? אָט די נייעס האָט זיך געטראָגן פון אויער צו אויער: עפּעס האָט געטראָפן!

אַלע שאָף און רינדער האָבן זיך גלייך אומגעקערט צו־ריק. געשמעקט מיט די נעזער. געשנישטערט דאָס פעלד מיט זייערע פאַרטרערטע אויגן:

— אָט איז ער, דער טאַטע־פּאַסטוך! ער רירט זיך נישט פונעם אָרט. מ'האָט דערשמעקט בלוט. אַלע האָבן זיך אין כאָר צעלאָזט:

„מע־מע־מע!"

מ'האָט אים אָנגעהויבן צו באַלעקן מיט זייערע צונגען: פאָטער־פּאַסטוך, דערציי ל, וואָס האָט מיט דיר געטראָפן? דער פּאַסטוך האָט זיך אָבער נישט גערירט. האָבן זיך מיט־אַמאָל דערהערט אומעטיקע קולות פון אַלע שאָף און רינדער. אַפילו דאָס פּיצעלע לעמעלע מיט די ווייסע פלעקן, וואָס דער פּאַסטוך האָט ערשט־אַ געהאַלטן אויף זיינע קני, האָט אויך געקלאָגט.

די גאַנצע טשערעדע האָט באַוויינט דעם אומגעקומענעם געטרייען פּאַסטוך זייערן.

# די מאַמע־קאַץ מיט אירע קינדער

חנהלע די זעקס־יאָריקע, מיט די צוויי בלאָנדע צעפּלעך, געפלאָכטן מיט אַ בלויער ליענטע, וואָס פּאַסט אַזוי צו אירע הימל־בלויע אייגעלעך, האָט אַזוי ליב געהאַט זייער קאַץ מיט דער מילך־ווייסער פעל, אַז זי האָט אַלעמאָל נאָר געוואָלט אַז די קאַץ זאָל שלאָפן מיט איר אין איין בעטל. זי האָט ליב געהאַט צו גלעטן איר סאַמעטענע פעל און, אַז די מאַמע אירע האָט נישט געזען, האָט חנהלע אַוועקגעגעבן איר גלאָז מילך דער ווייסער קאַץ. זי האָט אַפילו געהאַט אַ מענטשלעכן נאָמען פאַר איר קאַץ — קעטערין.

קיינער אין הויז האָט זיך נישט געטאָרט בייזערן אויף איר קעטערין. און אַז קעטערין האָט זיך דאָך אַמאָל פאַרזינדיקט און דער טאַטע האָט לייכט איר אַ דריגע געטאָן מיט אַ פוס, איר קוים אָנגערירט, האָט זיך חנהלע צעוויינט. זיך גענומען קאַרטשען, גלייך ווי מען האָט איר אַ דריגע געטאָן ...
זי האָט גענומען קעטערינען אויף די הענט און צו איר גערעדט ווי צו אַ קליין קינד: שאַ, וויין נישט, אָט וועל איך צוריקשלאָגן דעם „בעד באָי" — זי האָט עטלעכע לייכטע פּעטשעלך דערלאַנגט איר פאָטער און ער האָט זיך געמוזט פאַרקרימען, זאָל קעטערין מיינען, אַז עס טוט אים אויך וויי, ווי עס האָט איר וויי געטאָן ...

פלוצים האָט חנהלע דערזען אַז איר קעטערין ווערט צו פעט ... האָט זי איר אויסגערעדט, אַז זי זאָל אויפהערן עסן אַזויפיל, ווייל זי וועט זי פיינט קריגן. זי איז שוין אַזוי אויך גענוג שווער. ווען זי לייגט זיך ביי איר אַוועק צומאָל ביינאַכט אויף דער קאָלדע, פילט חנהלע ווי עפּעס אַ זאַק מיט שטיינער וואָלט מען איר אויף די פיס אַרויפגעלייגט ...

איינמאָל איז קעטערין געקומען אַהיים עפּעס אַזוי טרויעריק, אירע אויגן פאַרגאָסן, ווי זי וואָלט געוויינט. זי האָט קוים נאָכגעשלעפּט אירע פיס, געשמעקט דאָ און דאָרט, געזוכט עפּעס אַ ווינקל וואו זיך אַוועקצולייגן. דערנאָך האָט זי

געשלוקערצט און געשפּיגן. חנהלען האָט זיך געדאַכט, אַז קעטערין וואַרגט זיך . . . האָט זי געבעטן איר מוטער אַז זי זאָל רופן אַ דאָקטער.

די מוטער האָט באַטראַכט די קאַץ, וואָס איז שוין געלעגן אין אַ ווינקל אויסגעצויגן מיטן בויך אויף אַ זייט און פון צייט צו צייט זיך אַ וואָרף געטאָן, ווי סע וואָלט געברענט דער דיל אונטער איר. זי האָט געמיוקעט מיט אַ קרעכץ אין איר קול. נערוועז געגראַבלט דעם דיל מיט אירע לאַפּקעס און געקוקט אויף חנהלען, אויף איר מוטער מיט בעטנדיקע אויגן: לאָזט מיר צורו! חנהלעס מאַמע האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט: קינד מיינס, זי איז ניט קראַנק! זי דאַרף נישט קיין דאָקטער, מען דאַרף זי לאָזן אַליין. זי וועט באַלד האָבן קעצעלעך . . .

האָט זיך חנהלע צעטאַנצט און צוזאַמען מיט איר, אירע צעפּעלעך:

— וויפיל קעצעלעך וועט זי האָבן?

— אַמאָל פיר און אַמאָל פינף.

— איך וויל פינף.

— זאָל זיין פינף, — האָט די מאַמע מיט חנהלען איינגעשטימט.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געהאַט קיין פינף מיידעלעך?

— אַן אַנדערש מאָל וועל איך דיר דערציילן, — האָט די מאַמע געזאָגט און בעת־מעשה שטאַרק געלאַכט.

דערווייל האָט חנהלע דערזען ווי איר קעטערין ציטערט. האָט זי גענומען איר פאַרטעכל און זי דערמיט צוגעדעקט. די מאַמע האָט אָבער באַלד אַ נעם געטאָן קעטערינען און זי אַרויסגעטראָגן פון הויז, באַלייגט זי ביים אַריינגאַנג פון קעלער. האָט חנהלע פּראָטעסירט:

— איך וויל אַז זי זאָל האָבן די קעצעלעך ביי מיר אין בעטל!

האָט זיך די מאַמע געבייזערט און געזאָגט מיטן האַרבן

וואָרט אַז ניין! אַ קאַץ לאָזט מען נישט געלעגן ווערן אין אַ הויז... אָבער חנהלען האָט דאָס נישט געלאָזט רוען. ווען קיינער איז אין הויז נישט געווען, האָט זי גענומען דאָס בעטעלע פון איר ליאַלקע, דאָס אויסגעבעט, און אַריינגעשטעלט אין אַ קליידער-שראַנק. באַלד האָט זי די קאַץ דאָרטן באַלייגט. געלאָזט די טיר אַביסעלע אָפן, כדי זי זאָל פון צייט צו צייט קאָנען אַריינקוקן. דערווייל איז זי געווען אומגעדולדיק...

אַז חנהלע האָט שפּעטער אַ עפן געטאָן די טיר, האָט זי דערהערט אַזעלכע דיניקע קולעכלעך מיא-מיא-מיא! אַלע האָבן זיך געטוליעט צו דער מוטערס בויך און זי, די מאַמעקאַץ, האָט זיי אַרומגעלעקט, ווי זיי וואָלטן געווען מיט האָניק באַשטירט. חנהלע האָט יעדן קינד באַזונדער דערלויבט אַ קוק צו טאָן. קינדער האָבן זיך געדונגען צווישן זיך:

— חנהלע וועט מיר שענקען דאָס קעצעלע מיט די ווייסע פלעקן.

— און איך וויל דאָס ברוינע.

— איך וויל דאָס ווייסע.

חנהלע האָט זיי אַלעמען געהייסן זיין שטיל דערווייל. די קליינוואַרג ווילן שלאָפן און וועגן שענקען וועט זי זען שפּעטער. זאָלן זיי דערווייל ווערן גרויס. די קינדער זיינען געגאַנגען אַהיים און חנהלע האָט פון איר גלאָז מילך אַ העלפט אַריינגעגעבן צו דער מאַמע-קאַץ. סע איז איר געווען גוט און וואויל ביז די מוטער האָט זיך דערפון דערוואוסט. די מאַמע האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט הערן דאָס מיוקען אין הויז. זי האָט אונטערגעוואַרט ביז קעטערין איז אַרויס פון איר נאָרע, דאַן האָט די מאַמע באַפוילן אַז חנהלע זאָל די קליינוואַרג אַרונטערטראָגן אין קעלער. האָט זיך חנהלע מיט טרערן אין די אויגן געבעטן:

— זאָלן זיי כאָטש נאָך איין נאַכט איבערנעכטיקן...

האָט די מאַמע איר צוליב געטאָן. אָבער אויף מאָרגן, ווען קעטערין איז זיך ווידער געגאַנגען לופטערן, אָדער

אפשר נאָך שפּייז, האָט חנהלע אויסגעבעט אין קעלער אַ געלעגער און דערנאָך האָט זי פאַרזיכטיק גענומען אַ קעצעלע און דאָס באַלייגט אויף דעם נייעם פּלאַץ.

איז קעטערין דערווייל צוריקגעקומען, אַ בליק געטאָן אויף אירע קינדער, ווי זי וואָלט זיי געציילט אין דער שטיל.

און גלייך האָט זי געוואוסט אַז דאָס ברוין געפלעקטע קעצעלע איז נישטאָ. זי האָט אויסגעזען אַ באַצערטע. זי האָט גלייך אָנגעשפּיצט אירע אויערן און באַלד איז זי אָן אָטעם געלאָפן אין קעלער אַריין און זיך דערפרייט מיט איר קינד. זי האָט דאָס אַריינגענומען אין איר צעעפנטן פּיסק און צוריקגעטראָגן צו די אַנדערע קינדער אירע. דערווייל האָט שוין חנהלע געטראָגן דאָס צווייטע קעצעלע אין קעלער אַריין. אָט אַזוי אפשר אַ שעה אויפן זייגער איז קעטערין געגאַנגען מיט אַ קעצל פון קעלער, און חנהלע מיט אַ קעצל צום קעלער. ביידע האָבן זיך די גאַנצע צייט אויסגעמיטן. ווען ניט, וואָלט אפשר קעטערין חנהלען שלעכטס געטאָן . . .

אין אַ צייט אַרום, ווען די קעצעלעך זיינען אַביסל אונטערגעוואקסן, האָט חנהלע איבערגעלאָזט פאַר זיך דאָס ברוינע קעצעלע און די איבעריקע האָט זי צעטיילט צווישן די קינדער אין גאַס. און עס האָט אויסגעזען אַז אַלץ איז גוט און פיין . . .

אָבער די מאַמע-קאַץ איז גאָר נישט געווען צופרידן. זי האָט געבענקט נאָך די קעצעלעך. זי האָט געוואָלט האָבן אַלע אירע קעצעלעך אַרום זיך.

און צווישן טאָג און נאַכט האָט זיך קעטרין אַוועקגעלאָזט אין דרויסן אַרויס. געמיוקעט אַזוי לאַנג, ביז די קעצעלעך האָבן זיך אָפּגערופן.

נאָך איידער חנהלע איז געגאַנגען שלאָפן, האָט קעטערין אַריינגעשפּאַצירט אַ פריילעכע, אַ שטאָלצע, ווייל נאָך איר זיינען נאָכגעגאַנגען אַלע אירע קעצעלעך.



## דער „גלגול"

קינדער, שוין פיל מעשהלעך זיינען דערציילט געוואָרן וועגן הינט, אָבער וועגן אַזאַ הונט האָט איר נאָך נישט געהערט. לאָמיר אים רופן גלגול. פאַרוואָס? ווייל אַזוי האָבן אים גערופן די קינדער פון יענעם שטעטל, וואו דער הונט האָט געלעבט.

אָט דעם צונאָמען האָט דער הונט געקראָגן פון דעם רב אַליין. פאַסירט האָט דאָס אַזוי: ווען ער האָט אַריינגעוואַנדערט אין שטעטל אַריין האָט ער זיך באַלייגט ביים רב אויפן גאַניק. איז ער זיך אַזוי געלעגן און געסאָפּעט שווער פון דעם ווייטן וועג וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. ער איז געווען אַזוי מיד, אַז ס'האָט אויסגעזען אַז נישט אַזוי גיך וועט ער זיך רירן פון אָרט. דערווייל האָט זיך אויפן טיר באַוויזן דער רב מיט זיין לאַנגן זיידענעם כאַלאַט און פּלישענעם קאַפּעליוש. אַזוי שנעל ווי דער מידער הונט האָט נאָר דערזען דעם רב, האָט ער זיך גלייך אויפגעשטעלט. און אַז דער רב האָט אַ שמייכל געטאָן און אים געהייסן זיך צוריק לייגן, האָט ער דאָס בשום אופן נישט געוואָלט טאָן, נאָר זיך אַוועקגעזעצט אויף זיינע הינטערשטע פיס, אַרויסגעשטעלט אַ פאַרסלונעטע

רויטע צונג און געקוקט דעם רבֿ גלייך אין מויל אַריין. ווי ער זאָל זיך בעטן: „האָט רחמנות אויף מיר, איך האָב אַזוי פֿיל צו דערציילן, אָבער נישטאָ קיין לשון״ . . .

האָט דער רבֿ אַרויסגערופֿן זיין יינגעלע בענצי און צו אים אַזוי געזאָגט:

— מיין קינד, דו זאָלסט אָט דעם הונט נישט טרייבן פֿון דאַנען, ווייל ער זעט מיר אויס צו זיין אַ גלגול . . .

— וואָס מיינט אַ גלגול?—האָט דאָס יינגעלע געפֿרעגט.

האָט אים דער רבֿ דערקלערט, אַז אַ גלגול איז אַ נשמה פֿון אַ מענטשן וואָס גייט אַריין אין אַ חיה אָפּצוקומען פֿאַר אַ גרויסער זינד.

ווי באַלד אַזוי, האָט בענצע געלאָזט וויסן אַלע קינדער, אַז אָט דעם הונט טאָר מען נישט טשעפּען, ווייל אין אים איז דאָ אַ נשמה פֿון אַ מענטשן וואָס די גרויסע רופֿן גלגול . . .

איר ווילט דאָך אַוודאי וויסן ווי אַזוי דער הונט האָט אויסגעזען? געוועזן איז ער גרויס ווי אַ בער, מיט אַ שוואַר־צער אָפּגעקראָכענער פֿעל אויף זיך. זיין לאַנגער עק האָט אַלעמאָל פֿאָרמירט אַ גרויסן פֿרעג־צייכן. אַ פּאָר אומעטי־קע אויגן, אַלעמאָל פֿאַרטרערטע, גלייך ווי ער וואָלט גע־וויינט. ער האָט געהאַט ליב צו ליגן און טראַכטן ווי עפּעס אַ מענטש. אָבער מ׳האָט אים דאָס נישט פֿאַרגונען. ווער? נישט די קינדער, זיי האָבן אים נאָך געבראַכט עפּעס צום עסן ווען זיי האָבן נאָר צייט געהאַט. אָבער זיינע אייגענע ברי־דער־הינט האָבן אים נישט געגעבן קיין רואיקע מינוט. יעדע ווילע איז אַרויף געקומען איינער, געשמעקט, געלעקט, דאַכט זיך, גאַנץ פֿריינטלעך, און באַלד מיט אַ קוויטש:

— העי, הונט, פֿון וואַנען קומסטו, און ווי לאַנג דענקסטו זיך דאָ צו פֿאַרזאַמען?

דער גלגול האָט זיך געבעטן, אַז מען זאָל אים לאָזן צו־פֿרידן. אָבער אַ נעכטיקער טאָג, מ׳האָט אים נאָר געוואָלט צערייצן. ער זאָל זיך גיין בייסן מיט זיי. פֿאַרטיק געוואָרן

מיט איינעם, איז באַלד געקומען אַ צווייטער, אַ דריטער, אַלע מיטן זעלביקן פאַרלאַנג . . . איינמאָל האָט ער אַפילו געהאַט אַ גאַסט אַ קאַרליק־הונט, וואָס ער האָט אויסגעזען קעגן אים ווי אַ קאַץ די גרויס, דערצו נאָך אַזוי אויסגעדאַרט, אַז ווען דער גלגול האָט אים דערזען, האָט זיך אים געגלוסט צו לאַכן: „זע נאָר ווער ס׳וויל מיט מיר האַלטן מלחמה?‟ דאָס הינטל האָט גראַדע זיך נישט געשעמט און זיך געוואָרפן אויף אים:

— העי, דו בער! קום אַרונטער פון גאַניק וועל איך דיך ווייזן וואָס איך קען!

האָט זיך דער גלגול גאָר אָוועקגעדרייט פון דעם חוצפּה־ניק: ס׳שטייט מיר גאָר נישט אָן מיט אַזאַ פּיצל ווי דו צו פאַרפירן אַ געשלעג. אָדער, צוליב וואָס זיך שלאָגן?

אַז די הינט האָבן דערשמעקט וועגן זיין פרידלעכקייט, האָט מען ביי אים פּשוט אָוועקגעכאַפּט דעם ביסן פון מויל. די קינדער האָבן פאַר אים געמוזט מלחמה האַלטן מיט די אַלע הינט, אַז מען זאָל אים נישט באַראַבעווען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. פלעגן זיי זיך בעטן — גלגול, וואָס שווייגסטו? וועסט דאָך אויסגיין פון הונגער! . . . און דער גלגול, גלייך ווי נישט אים מיינט מען. עס פלעגט אַמאָל אַפילו פּאַסירן לעבן אַ יאַטקע ווי אַ קצב האָט נישט געקאָנט צוזען ווי אַזוי מען באַהאַנדלט אים . . . האָט ער אים אַריינגערופן אינעווייניק, דערלאַנגט אַ ביין און געזאָגט:

— גלגול, דאָס איז פאַר דיר אַליין! — האָט ער זיך אַ פריילעכער פאַרקליבן אין אַ ווינקל און נאָך איידער די שאַרפע ציין זיינע האָבן באַוויזן וואָס זיי קאָנען, האָבן אים שוין געהאַט אַרומגערינגלט אַ גאַנצע מחנה הינט און זיי האָבן כלומרשט אַפּעלירט צו אים, גיב אַהער דעם ביין מיט גוטן! אַז נישט וועט זיין אַז אָך און אַז ווי צו דיר . . . ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ זיינעם, געוואָלט געבן אַ ביסל מוסר אוודאי, האָבן זיי אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַוועק מיטן ביין. איז דער גלגול געבליבן זיצן אַ באַטריבטער. דאָס האַרץ האָט אַזש אין אים געוויינט . . . סטייטש, ס׳איז דאָך מיין ביין, מיר פערזענלעך דערלאַנגט; דאַרף איך נישט

לעבן אויף דער וועלט ? די הינט האָבן זיך דערווייל געריסן צווישן זיך ווער ס'זאָל פאַרבלייבן ביים אַוועקגערויבטן ביין, אָבער וואָס איז שוין דעם גלגול פון דעם אַרויסגעקומען ? ער'ט אים שוין נישט זען צוריק . . . האָט דער גלגול פעסט ביי זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט אַרויסטרעטן פון וועג, ער'ט זיך גיין זוכן אַזעלכע ערטער ווי זיי קומען זעלטן אַהין.

איז ער איינמאָל אין אַ זומערדיקן טאָג געלאָפן אין מאַרק אַריין. די לאַנגע צונג האָט אין זיין אָפענעם מויל געציטערט. עס איז אים טאַקע זייער הייס געווען, אָבער עסן האָט זיך אים זייער געוואָלט. איז ער אַרומגעשפּרונגען אויף די לאָפּ־קעס זיינע און געשמעקט די נאַקעטע ערד. אפשר האָט עמי־צער אַוועקגעלייגט עפּעס צו עסן פאַר אים. אָבער אַ נעכטי־קער טאָג ! פּלוצים האָט ער דערזען אַ סך ערדענע טעפּ. טייל מיט שמאָלע פּיסקעס און טייל מיט ברייטע. האָט ער געטראַכט, אַז מ'דאַרף אַ נישטער טאָן אינעווייניק, און באַלד האָט ער אָנגעהויבן שטופּן דעם קאָפּ אין איינעם, אין אַ צווייטן, אין אַ דריטן. ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַזאַ מאָדנעם טאָפּ, וואָס האָט נישט געהאַט קיין חשק צו באַפרייען זיין קאָפּ צוריק, סיידן צעברעכן דעם טאָפּ. אָט־אָט ווערט ער דערשטיקט ! האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ און גענומען שאָקלען אַהין און אַהער, אפשר וועט דאָס טעפּל אַרונטער־פאַלן, אָבער דאָס האָט זיך נאָך פעסטער באַזעצט אויפן קאָפּ.

איז אים געוואָרן זייער שלעכט. קיין לופט האָט ער ניט, זען זעט ער נישט. וואָס טוט מען ? איז ער אַרומגעלאָפן אין אַ צירקל און מיט אַ פאַרשטיקט קול וואָס האָט געקלונגען ווי אַ געוויין, האָט ער זיך ווי געבעטן : — האָט רחמנות, איך וויל לעבן ! — ווער ווייס, אפשר האָט ער זיך גאָר געשעמט, אַז ער, אַזאַ גרויסער הונט, זאָל אומקומען דורך אַ טעפּל . . .

דערווייל האָבן דאָס מענטשן דערזען, איז געוואָרן אַ טומל : — זעט נאָר וואָס דער גלגול האָט צו זיך געטאָן ? ער וויל נישט לעבן ! — אַנדערע האָבן געסטראַשעט, אַז ער וועט נאָך משוגע ווערן. — וואָס טוט מען ? צעברעכן דאָס טעפּל וועט דאָך סיי ווי סיי שעדיקן זיינע געהירן. שלעכט ! נייע

אָנגעקומענע מענטשן האָבן גאָר געלאַכט: — זעט נאָר זעט! דער גלגול האָט זיך אָנגעטאָן אַ קרוין און טאַנצט אַרום אַ קיילעכדיקס...

ביז וואָס ווען, האָט דער גלגול אויסגעצויגן זיינע פיס, געשטאָרבן הייסט דאָס...

נו, נו, פרעגט שוין גאָר נישט וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן ווען די קינדער האָבן זיך פון דעם דערוואוסט. זיי האָבן גע־קלאָגט און געוויינט ווי נאָך גאָר אַ נאָענטן מענטשן: — פאַר־וואָס האָט דאָס בעסער נישט פּאַסירט מיט אַזאַ הונט וואָס לאָזט די גאַס ביינאַכט נישט דורכגיין? — האָבן די קינדער געהאַט טענות. דערויף האָט זיי בענצע געזאָגט, אַז דער טאַ־טע זיינער, דער רב, הייסט דאָס, האָט אים אויפגעקלערט, אַז דאָס איז גאָר געווען אַ טובה פאַרן גלגול, דאָס איז ער אָפּ־געקומען פאַר אַ גרויסער זינד און איצט איז די נשמה ריין און וועט צוריק פליען אַהין וואו מען דאַרף... קינדער האָבן געצויגן מיט די אַקסלען: — ווייסעך וואָס! ווען עמיצער פון אונדז זאָל געווען זיין דאָרט אין מאַרק וואָלט ער נאָך איצט געלעבט...

די הינט, ווידער, איז דער טויט פון דעם גלגול גאָר נישט אָנגעגאַנגען. עס האָט גאָר אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך מיט אים געשעמט. אויך מיר אַ הונט!...



# דאָס לאָשיקל

דאָס מעשהלע האָט געטראָפן אין אַ קליין שטעטל פון יענער זייט ים. ווייט, ווייט פון דאַנען איז דאָרט געווען אַ בלאַס יינגעלע מיט שוואַרצע אייגעלעך. וועלוועלע האָט מען אים גערופן.

זיין טאַטע־מאַמע זיינען געווען אָרעמע און קיינמאָל, קיינמאָל וועלוועלען קיין שפּילעכל נישט געקויפט. ער דאַרף זיין צופרידן וואָס ער האָט אַ שטיקל ברויט צום עסן . . . אָבער וועלוועלע איז נישט געווען צופרידן. ער האָט געגאַרט נאָך שפּילערייען, געוואָלט שטיפן און לאַכן באַגלייך מיט אַנדערע קינדער, און מיט ליידיקע הענט קאָן מען נישט. האָט ער זיך אויסגעלערנט קריגן פאַרשיידענע שפּילערייען אָן געלט. ניין, נישט געגנבעט, נאָר פאַרדינט זיך. ער האָט ניט איין גאַנג געפאָלגט איציק דעם בלעכער, ביז יענער האָט אים געמאַכט פון אַ שטיקל בלעך אַ פּייפעלע. ער האָט נישט איין גאַנג געפאָלגט אַ קרעמער, ביז יענער האָט אים געגעבן אַ

הילצערן קעסטל פאַר אַ וועגעלע. אַז ער האָט אויך פאַר־דינט די דראָט פאַר ברילן איז קיינער צו אים נישט געווען גלייך.

אַז וועלוועלע איז געוואָרן גרעסער, האָט ער זיך אָנגעהויבן שעמען מיט די קינדערשע שפּילערייען. שטאַרק מקנא געווען אין שטעטל אַ רייך ייִנגל, וואָס איז יעדן טאָג געריטן אויף אַ לאָשיקל מיט אַ שוואַרצער פעל און ווייסע פּינטלען. דאָס ייִנגל האָט מיט גרויס שטאָלץ געהאַלטן אַ ציימל, וואָס איז געווען אַרומגעהאַנגען מיט קליינע גלעקלעך און רויטע טראָלדן. וועלוול איז אים נאָכגעלאָפן, געוואָלט כאָטש אַ טאַפּ טאָן די סאַמעטענע פעל, אָבער דאָס רייכע ייִנגל האָט זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן. וועלוועלען האָט אַזוי נישט געאַרט די שיינע קליידער, וואָס דאָס ייִנגל האָט געטראָגן, די גוטע זאַכן וואָס דאָס ייִנגל האָט געגעסן, ווי דאָס לאָשיקל. אַ לאָשיקל איז ביי אים געוואָרן דאָס וויכטיקסטע אין זיין לעבן. ביינאַכט אין חלום האָט ער געזען אַ גאַנצן מאַרק מיט לאָשיקלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן און ביז ער האָט זיך איינס אויסגעקליבן, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אַפילו קיין איין לאָשיקל נישט געהאַט . . .

האָט זיך געטראָפן, אַז פונקט דאַן, ווען די קינדער זיינען אין חדר געגאַנגען, איז אַרונטערגעקומען אין שטעטל אַ מאַן מיט אַ פערד און וועגעלע און ביים זייט אַ ברוין לאָשיקל מיט אַ גלעקל אויפן האַלדז. דער מאַן האָט אויפגעקויפט אַלטע זאַכן. ער האָט געהאַלטן אין איין שרייען: מעש, קופּער, אַלטע קאַלאָשן! צוליב דעם לאָשיקל זיינען זיך צונויפגעלאָפן אַ סך קינדער, צווישן זיי אויך וועלוועלע. דער מאַן האָט געזאָגט די קינדער, אַז זיי זאָלן גיין צונויפקלייבן אַלט־וואַרג פאַר אים און ער וועט יעדן קינד באַלוינען מיט אַ שפּילצייג.

— וואָס ווילט איר, קינדער? — האָט איין קינד געשריען: איך וויל אַ פּויק! אַן אַנדער קינד האָט געוואָלט אַ קלאַרנעט, אַ פידעלע, אַ זייגערל, און דער מאַן האָט זיי אַלצדינג צוגעזאָגט. די קינדער זיינען אַוועק מיט פרייד און געשרייען איבער די גאַסן פון שטעטל.

נאָר וועלוועלע איז געבליבן. ער איז געשטאַנען און האָט געגלעט דאָס לאָשיקל און געקראַצט זיך אין קעפּל. דער מאַן האָט אים דערזען און אַ פרעג געטאָן: און דו, גרויסער בחור,ווילסט גאָר נישט אַרבעטן? וועלוועלע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. איז וואָסווילסטו? וועלוול האָט זיך אַביסל פאַררויטלט און ענדלעך אַרויסגעשאָסן: דאָס לאָשיקל וויל איך!

דער מאַן האָט זיך אַפילו נישט פאַרקרימט און גלייך געזאָגט: גוט, וועסט דאָס קריגן, אויב דו וועסט אַרבעטן פאַר מיר אַ גאַנצע וואָך. וועלוול האָט צוגעשטימט. דער מאַן האָט אים דערלאַנגט אַ קיישעלע און וועלוול האָט אויף איין פוס אַוועקגעטאַנצט אַ פריילעכער, אַ גליקלעכער. געזוכט און גענישטערט אין יעדן ווינקל אָנצופילן דאָס קיישל וואָס גיכער מיט אַלטע זאַכן.

ביינאַכט האָט ער נישט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. ער איז געווען זייער אומגעדולדיק, שוין געוואָלט אָפּשטופּן די עטלעכע טעג און זיך שוין זען מיט דעם לאָשיקל ביי זיך. ער איז געלעגן און געטראַכט: וואו וועט ער עס אַהינטאָן? דער מאַמען קאָן זיך פאַרגלוסטן נישט לאָזן אַריינגעמען דאָס לאָשיקל אין שטוב אַריין. נו, וואָס-זשע וועט ער טאָקע טאָן? ער וועט אויפבויען אַ שטאַל פאַר דעם און פאַרטיק. בעסער וועט ער שוין קריגן. דערנאָך וועט ער לייען אַביסל געצייג ביים שכן דעם סטאָליער, און דעם דאַך? אָ, ער האָט שוין אַ דאַך אויך... ער וועט באַדעקן מיט שטרוי און פאַרטיק. באַלד גיט ער זיך אַ כאַפּ, ער האָט פאַרגעסן, אַז דאָס לאָשיקל וועט דאַרפן עסן, אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט! ער וועט קריגן געגנוג אַלט ברויט ביי די בעקערס און אפשר אויך האָבער ביי זיין חבר פייוול, ווען זיין טאַטע וועט אין קראָם נישט זיין... איז וואָס-זשע נאָך פעלט אים?

און אָט איז שוין דער לעצטער טאָג. ווער איז צו אים גלייך? ער שטעלט זיך פאָר מיט וואָס פאַר אַ גרויסקייט ער וועט פירן דאָס ברוינע לאָשיקל איבער די גאַסן. דערווייל האָט ער געבראַכט אַ שטיקל שטריק פאַר אַ ציימל. ער קוועלט אָן ווען דאָס לאָשיקל הייבט פּלוצלינג אָן צו היר-

זשען. דאָס איז ביי אים אַ סימן, אַז דאָס לאָשיקל פרייט זיך וואָס באַלד וועט עס גיין מיט אים . . . אָבער אָנשטאָט דאָס לעבעדיקע לאָשיקל, דערלאַנגט אים דער מאַן אַ פערדעלע פון גיפּס מיט רעדלעך אויף אַ שטעלכל. וועלוול הייבט אָן צו שרייען: איך בין נישט קיין קינד, איך וויל דאָס לאָשיקל!

דער מאַן גיט אים אַ קניפּ אין בעקל: ייִנגעלע, דאָס לאָשיקל וועט בענקען נאָך זיין מאַמען, איך קאָן עס דיר נישט געבן! איבעראַיאָר . . . און איידער וואָס־וועז, איז שוין דער מאַן מיט דער פור מיט דעם לאָשיקל געווען ווייט אַוועק. אַ שטויב, ווי אַ זייל רויך, האָט אַרומגערינגלט וועלוועלען. ער האָט אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד דאָס גיפּסענע פערדל. געלאָפן, געלאָפן, אפשר וועט ער אָניאָגן דעם מאַן, כאָטש איינמאָל נאָך אַ גלעט טאָן די פעל ביים ברוינעם לאָשיקל . . . טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן . . .




# מרדכי עמנואל נח

(די געשיכטע פונעם אַמעריקאַנער יידן וואָס האָט געוואָלט גרינדן
אַ יידישע מלוכה דאָ אין לאַנד)

סע איז געווען נאָך דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, גלייך נאָכדעם ווי די קאַנאָנען און האַרמאַטן זיינען פאַרשטומט געוואָרן. פאַרהיילט איז נאָך נישט געווען דער טרויער נאָך די געפאַלענע העלדן. אין יענער צייט איז ביי דער פאַמיליע נח געבוירן געוואָרן אַ ייִנגעלע, מיט צוויי ברוינע אייגעלעך. דער טאַטע האָט אים אַ נאָמען געגעבן מרדכי. גרויס

איז געווען זייער פרייד, וואָס דאָס יינגעלע איז אויף דער וועלט געקו־מען, ווען די ערד איז שוין געווען אַ פרייע.

זיינען יידן געזעסן ביי אַ סעודה, וואָס דער פאָטער האָט געמאַכט פאַר אָרעם און רייך, געהויבן בעכער מיט וויין און געוואונטשן אַז מרדכי זאָל אויסוואַקסן אַ גרויסער פירער פאַר זיין פאָלק און זיין לאַנד. גע־טרונקען אַ כוס פאַרן געזונט פון געאָרג וואַשינגטאָן, וואָס האָט גע־האָט אַ ברייט האַרץ און ליב געהאַט אַלע מענטשן גלייך. וואַשינגטאָן איז געווען אַ פערזענלעכער פריינט צו דעם יינגעלעס טאַטע און זיידע.

די יידן זיינען געזעסן ביז שפּעט ביינאַכט, גערעדט וועגן זייערע ברידער אויף דער גאָרער וועלט, וואָס וואָגלען אַרום. זיי דאָ, אויף דער פרייער ערד, האָבן נאָך נישט פאַרגעסן דעם טעם פון הערשער און טי־ראַנען. זיי אַליין זיינען ערשט נישט לאַנג צוריק אַנטלאָפן פון יענע לענדער . . .

האָבן זיי זיך געוואונטשן, אַז יענע ברידער זאָלן אויך באַפרייט ווערן.

דער זיידע, יונה פיליפס, האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס אייניקל מרדכי. ווען ער איז נאָר אַביסעלע אונטערגעוואַקסן, האָט ער זיך מיט אים אומעטום אַרומגעפירט. איינמאָל האָט ער אים אַפילו מיטגענומען צו דער דערעפענונג פון קאָנגרעס אין דער דעמאָלטדיקער הויפּט־שטאָט פילאַדעלפיע, וואו מרדכי איז טאַקע געבוירן געוואָרן. דער זיידע האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן ווי שטיל דאָס יינגעלע איז געזעסן, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען יעדער וואָרט וואָס מע האָט גערעדט און געלייענט.

אין דערהיים האָט דער זיידע מיט בלישטשענדיקע אויגן דערציילט וועגן דעם זיין טאָכטער צפורה, די מוטער פון דעם יינגעלע. האָט זי אים געהאַלדזט און געקושט, געוואונטשן זיך, אַז ווען ער וועט אויס־וואַקסן, זאָל ער טאַקע דאָרטן זיצן.

גליק האָט געהערשט ביי דער פאַמיליע נח, ווייל זיי זיינען געווען פאַרמעגלעך און האָבן געלעבט מיט דער פולער פרייהייט אין לאַנד. דער־צו נאָך האָט דאָס איינציקע יינגעלע זיי אַזויפיל נחת פאַרשאַפט. היינט ווער איז צו זיי געווען גלייך ?

דאָרף פאַסירן, ווען דאָס יינגעלע האָט ערשט אַריבערגעשפּאַנט זעקס יאָר, פאַרבענקט זיך דער מוטער נאָך אירע קרובים אין דער סאוט. זי האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף און טעג און נעכט האָט איר גע־נומען ביז זי איז געקומען אין דער שטאָט טשאַרלסטאָן.

פרייען זיך די קרובים מיט צפורהן און מיט איר יינגעלע מרדכי.

# אַ וועלט מיט וועלטעלעך

אַלע טרייבן מיט אים קאַטאָוועס און ער שמייכלט ברייט און אַלע קוועלן אָן פון אים.

פּלוצלונג ווערט די מאַמע פאַרשלאָפט. דאָקטוירים לויפן און קו־מען. קרובים שטייען מיט געוויין פאַר דעם צעפּראַלטן ארון־קודש אין דער סינאַגאָגע און בעטן פאַר איר געזונט. אָבער סע האָט נישט גע־האָלפן: צפורה איז געשטאָרבן. דאָס ייִנגעלע מרדכי, מיט די ברוינע אויגעלעך, איז געבליבן אַ יתום.

זיין טאַטע האָט שטאַרק געליטן פון דער שלעכטער בשורה. זיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן, אַז ער איז אויך שיעור נישט אַוועק־געשטאָרבן. ער האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקען. בייטאָג און ביינאַכט אַרומגעוואַנדערט אַ פאַרקלערטער און זיך אויסגעטענהט מיט דעם הימל: פאַרוואָס איז דאָס געקומען? פאַר וואָסערע זינד? איין פרימאָרגן איז ער אינגאַנצן פאַרשוואונדן אויף אַ לאַנגער צייט, קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין ער איז אַהינגעקומען.

דאָס ייִנגעלע מרדכי, וואָס איז שוין צוריק געווען ביים זיידן, האָט זיך כמעט יעדן טאָג נאָכגעפרעגט אויף דער מאַמען און זיין טאַטן. דער זיידע האָט געקנייטשט זיין גרויסן שטערן און טרערן זיינען געהאנגען אין די ווינקלען פון זיינע אויגן. ער האָט אים געגלעט איבער זיינע בלייכע בעקלעך און אים אַלץ פאַררעדט און פאַרשפּילט.

* * *

מרדכי איז אונטערגעוואַקסן. ער גייט שוין אין סקול און איצט ווייסט ער שוין אַז זיין מוטער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן צוריק. וואָרום איז זיין מאַמע אַזוי יונג געשטאָרבן? אפשר איז דאָס גאָר זיין שולד? . . . ער האָט זיך מיט קיינעם נישט געחברט, געווען שטענדיק פאַרטאָן אין זיך. אָפט איז ער געקומען צום טייך שפּיגלען זיך אין די בלויע וואַסערן, לאָזן דאָס ווינטל זיך שפּילן מיט זיינע געקרויזטע האָר.

אַן אַנדערש מאָל האָט מען אים געקאָנט טרעפן ווייט הינטער דער שטאָט. דאָרטן וואו ביימער און וועלדער האָבן גערוישט. דאָרטן אויף די גרינע פעלדער, וואו שאָף און רינדער האָבן זיך געפּאַשעט. דאָרטן, וואו מען קאָן פריי אַרויסשרייען דעם ווייטיק און דאָס ווידערקול וועט זיך פלאָנטערן צווישן די ביימער און קומען צוריק.

האָט מרדכיס זיידע דערזען אַז ער גייט אַרום אַזוי באַטריבט, האָט ער צו אים אַזוי געזאָגט:

— מיין קינד, לאָמיר אונדזער טרייסט געפינען אויף דער פרייער ערד, וואָס אונדזערע דריי טויזנט ברידער האָבן געהאָלפן געווינען. צי

# ברוך מילער

זוייסט מרדכי אַז דער שונא לויערט אויף דעם פרייען ווינקל? וואוהין וועלן זיי גיין פון דאַנען, ווען דער שונא וועט דאָס לאַנד באַצווינגען? צי ווייסט מרדכי אַז אַ ייד דאַרף אַ סך לערנען, אַ סך וויסן, כדי די שונאים זאָלן דרך־ארץ האָבן פאַר אים? כדי באַהילפיק צו זיין דער גוטער מלוכה?

אַט אַזוי האָט דער זיידע צו מרדכין גערעדט איין מאָל און צוויי מאָל, ביז די רייד האָבן אָנגעהויבן טיף אַריינדרינגען אין זיינע אויערן און זיין האַרצן. ער האָט זיך מיט גרויס חשק אַ נעם געטאָן צום לערנען. זיינע פרייע שעהן האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרברענגען אין די ביבליאָטעקן, ליב באַקומען צו לייענען ביכער פון באַרימטע שרייבער און די געשיכטע פון די יידן אויף דער גאָרער וועלט.

אַט לייענט ער וועגן דעם ווילדן גלח טאָרקוועמאַדאָ, וואָס האָט געברענט און געבראָטן די ברידער פון זיין פאָלק. אַט דערוויסט ער זיך פון זיינער אַ קרובה, מיטן נאָמען אַבע דע ליאָן, וואָס איז געשטאָרבן אין דער שטאָט סאַוואַנאַ מיט סימנים פון די שטריק, מיט וואָס מ׳האָט זי געפייניקט אין דער אינקוויזיציע. האָט דאָס אים שטאַרק אויפגעשוידערט און ער האָט באַשלאָסן צו לערנען און לערנען און שטייגן הויך. באַקענען זיך מיט אַנדערע געלערנטע מענטשן און זען אַז אַזעלכע ווילדקייטן זאָלן קיינמאָל מער נישט פאַסירן. אַז זיינע ברידער, וואָס וואָגלען אַרום אויף דער וועלט אונטער דער הערשאַפט פון טיראַנען, זאָלן ערגעץ האָבן אַן אייגן, פריי ווינקל, וואו זיי זאָלן קאָנען בויען זייערע סינאַגאָגעס און לערנען תורה אומגעשטערט.

גלייך נאָכדעם איז אים געקומען אויפן געדאַנק צו נעמען אַ פען אין דער האַנט און ווערן אַ שרייבער. אַלץ וואָס אים וועט אַרן, וועט ער בישט אָפּקומען בלויז מיט ווערן אומעטיק, נאָר באַשרייבן. זאָלן מענטשן ווערן אויפגעקלערט און נישט דולדן קיין עוולות . . .

* * *

ווייט און ברייט האָט זיך אָנגעהויבן טראָגן דער נאָמען מרדכי עמנואל נח. ער האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע און די קריטיקער האָבן זיינע פייאיקייטן געלויבט. אַ צווייטע דראַמע האָט ער אָנגעשריבן און נאָך מער רושם געמאַכט. עס האָט נישט גענומען לאַנג דעם יונגן מרדכי צו ווערן דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, וואו ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן. דאַן איז ער שוין געוואָרן באַרימט איבערן גאַנצן לאַנד.

סטודענטן זיינען נייגעריק געוואָרן מיט אים זיך צו באַקענען. קאָר־

מען זיי אין ביבליאָטעק, וואו מרדכי שטודירט, און רינגלען אים אַרום. שטייט פאַר זיי אַ יונגערמאַן, מיט אַ פּאָר ווייכע ברוינע אויגן, אַ גרויסן שטערן, מיט זאַמד־קאָלירטע האָר און אַ לענגלעך פּנים און באַקן־בערד. די סטודענטן האָבן גרויס אָפּשיי פאַר אים. זיי ליבן אים, אָבער ער איז באַשיידן. ער ענטפערט זיי אַזוי:

— דער גורל פאַלט אויף מיר צו לערנען פיליסיק, ווייל אַנדערע פוילן זיך . . .

לאַכן אַלע, און ער מיט זיי.

קומט מרדכי אין דער סינאַגאָגע איינמאָל אין אַ שבת און האַלט אַ פייערדיקע רעדע פאַר זיינע ברידער. דערציילט פאַר זיי וועגן דער קר־מענדיקער מלחמה. בעט זיי צו זיין פּאַטריאָטיש ווי ביז אַהער. זיי זאָלן זיין טאָלעראַנט און נישט גרייסן זיך, און נישט שטערן דעם צווייטנס פרייהייט.

נאָך דער רעדע האָבן אים יידן געדריקט די האַנט און איינער האָט אַפילו געזאָגט אַזוי:

— דיינע רייד זיינען געווען זיס ווי די רייד פון די נביאים אַמאָל.

צו לעצט האָט זיך צוגעשאַרט דער אַלטער זיידע, אים אַרומגענומען און געקושט. ער האָט געהאַט אַ פול מויל מיט רייד פאַר זיין אייניקל מרדכי, נאָר טרערן פון פרייד האָבן אים געשטיקט אין האַלדז און ער האָט קיין איינציק וואָרט נישט געקענט אַרויסזאָגן.

טראָגט זיך אַ בייעס פון מויל צו מויל, פון שטאָט צו שטאָט, אַז ניט נאָר איז מרדכי אַ גוטער שרייבער, נאָר אויך אַ וואַרעמער רעדנער. די ווערטער, וואָס קומען פון זיין מויל, צינדן אָן הערצער.

אָבער מרדכי איז מיט זיך ווידער אַמאָל נישט צופרידן: וואָס איז? ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן: זאָל ער זיך אָפּגעבן מיט זיין שרייבן, אָדער ווערן אַ פּאָליטיקער, אַ רעגירונגס־מענטש, הייסט דאָס? ווייל שונאים זאָגן אַז יידן זיינען בלויז קרעמער.

איינמאָל איז ער געזעסן אין ביבליאָטעק פאַרטיפט אין זיין שרייבן און לעבן אים איז געשטאַנען אַ רעגירונגס־מענטש, מיטן נאָמען ראָ־בערט מאָריס. ער וויל מרדכין נישט איבערשלאָגן. ער שלינגט די ווערטער פון בוך, זאָל ער שלינגען. און אָט באַגעגענען זיי זיך מיט די בליקן און באַקענען זיך.

שפּאַצירן זיי ביידע, לאַכן און שטיפן. און אָט ווערן זיי ערנסט. ראָבערט זאָגט:

— יונגערמאַן, איך האָב געהערט וועגן אייערע פייאיקייטן. איך האָב געהערט וועגן אייער ליבשאַפט צו אונדזער פרייהייט. אונדזער

ברוך מילער

יונגע מלוכה דאַרף אייך האָבן.

טאַנצט ביי מרדכין דאָס האַרץ פאַר פרייד. ער נעמט גלייך אָן דעם אָנבאָט. דריקן זיי זיך די הענט און געזעגענען זיך.

אין עטלעכע טעג אַרום זיצט שוין מרדכי לעבן דעמאָלסטדיקן קאַסירער פון לאַנד און ער העלפט אים פירן די חשבונות.

אָבער שרייבן ציפערן איז פאַר אים נישט קיין אַרבעט. איז וואָסזשע טוט ער? נוצט ער אויס זיין פרייע צייט אויף שרייבן דראַמען. ער האָט זייער ליב געהאַט אויפצושטיין גאַנצפרי, ווי בענדזשאַמין פרענקלין, זיך צוהערן ווי די הענער קרייען און לאַכן פון פרייד. עס האָט אים הנאה געטאָן וואָס אים דאַרפן די הענער נישט אויפוועקן . . .

* * *

איינמאָל אין אַ פרילינג־טאָג, ווען די זון האָט זיך אַרומגעשפילט מיט די שאָטנס, אַ מילד ווינטעלע האָט געבראַכט פיינע גרוסן פון וואַלד, פון די צעבליטע ביימער, זיצט מרדכי ביי אַ טייכל און שרייבט. פאַרקלערט זיך אָפט. קוקט אויפן בלויען טייכל, וואָס קנייטשט זיך, ווי עס וואָלט אים געהאָלפן טראַכטן. אָט שווימט אַ קאַטשקעלע אויפן וואַסער און סע ווערט אַ קייַלעכדיקע וואַסער־ראָד.

מרדכי בענקט. סע ציט אים צו דער סאוט, צו דער שטאָט טשאַרלסטאָן. דאָרטן איז אַ בית־עולם פאַראַן, וואו זיין מאַמע ליגט. ער פילט ווי אין אים וואָלטן איצט צוויי מרדכיס געזעסן. איינער וויל זיצן דאָ און שרייבן און דער צווייטער וויל פאָרן איבערן לאַנד, — זען זיך מיט זיינע פעטערס און מומעס, זען זיך מיט זיינע שוועסטער־קינדער.

אַז ער האָט עס דערציילט זיין זיידן, האָט יענער אים נאָך צוגערעדט. פון אונטער זיינע גרויע ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט צוויי וואַרעמע אויגן. ער האָט גערעדט ווי אַ מוטער:

— פאָר, מיין קינד! . . .

שפּעט ביינאַכט. אַ רעגן גיסט. זעלטן ווען זעט מען אַ מענטשן אין גאַס, ווי עס וואָלט געווען אַ שטאָט פון לויטער מתים. זיצט מרדכי אין דער אָנגערייכערטער סטאַנציע. ער איז מיד פון דער לאַנגער רייזע. דער קאָפּ וויל נישט איינזיצן אויף די אַקסלען. ער דרעמלט איין. אָט פאַלט זיין קאָפּ אויף עמיצנס ברוסט. מענטשן לאַכן. אַנדערע גענעצן געשמאַק. אָט באַוויזט זיך אַ הויכער מאַן מיט אַ שפּיציק גרוי בערדל ווי אַ בערשטל. ער רופט אויס הויך אויפן קול:

— מרדכי עמנואל נח!

מרדכי שטעלט זיך אויף. דער מאַן כאַפּט אים אַרום און קושט אים.
— דאָס בין איך, דיין אָנקל נפתלי.

אין דרויסן האָט געוואַרט אַ קאָטש מיט צוויי לאַמטערנדלעך אין ביידע זייטן. די פּלעמעלעך אין די לעמפּעלעך האָבן געטאַנצט. אַט ווערט פינצטער. די פערד האָבן אויסגעזען ווי אויסגעצוואָגענע.

נפתלי גיט אַ פּאַטש מיט דער בייטש און די פערד גייען און שטעלן זיך אָפּ. סע הערט זיך אַ בילעניש פון הינט, ווי זיי וואָלטן איינגענומען די שטאָט.

די מומע קומט אַרויס אויפן גאַניק מיט אַ לאָמפּ אין די הענט. די פערד זיינען צופרידן: זיי ווייסן שוין אָפּנים אַז מען וועט זיי באַלד אויסשפּאַנען און צורו־לאָזן. שוין גענוג זיך הייבט אָנגעלאָפן. דאָרטן אין שטאַל וועלן זיי קייען האָבער און איינער ביים צווייטן פרעגן: „ווער איז דער גאַסט? צי וועט דאָס נישט אויסגיין צו אונדזערע קעפּ?"...

ביז אין ווייסן טאָג אַריין זיינען אַלע דריי געזעסן און גערעדט, גע־וואַרעמט זיך ביים פייער, וואָס דער פעטער האָט צעלייגט. דאָס פייער האָט געשטאָכן אין די אויגן, און אַזוי זיינען אַלע דריי איינגעשלאָפן אויף די בענקלעך.

אויף מאָרגן איז געווען אַ קלאָרער הימל. די זון האָט שוין געהאַט כמעט אויסגעטריקנט אַלע גאַסן. ווידער האָט דער פעטער איינגעשפּאַנט די פערד צו פאָרן צום בית־עולם. די מומע, אַ הויכע דאַרע פרוי, מיט אַ לענגלעך פּנים, איינגעפּאַלענע באַקן, איז געווען באַקליידט אין שוואַר־צען. אַפילו דער שלייער איבער איר פּנים איז געווען שוואַרץ. די מע־נער האָבן געטראָגן הויכע צילענדערס.

די מומע האָט אַ גאַנצן וועג נישט אַרונטערגענומען די אויגן פון מרדכין. ווי שיין ער איז אויסגעוואַקסן! דער פעטער האָט זיך פון צייט צו צייט באַגעגנט מיט אירע בליקן און מיטן בערדל אָנגעוויזן אויף מרדכין, ווי איינער רעדט:

— א בחורל, וואָס זאָגסטו?...

דער בית־עולם איז געווען אַרומגערינגלט מיט סאָסנעביימער. פייגל האָבן געזונגען און איבערגעריסן די שטילקייט. די שטילע מומע צע־לאָזט זיך באַלד הויך אויפן קול און וויינט מיט אַ ניגון. דער פעטער כליפּעט. מרדכי באַטראַכט די מצבה, וואו סע איז אויסגעקריצט דער נאָמען „צפּורה", און בלייבט שטיין אויסגעצויגן ווי אַ סאָלדאַט. ער איז מקנא די הויכע מומע זיינע, וואָס איז איצט אַזוי קליין געוואָרן. אַך, ווי זי קאָן אין איין מינוט פּטור ווערן פון אירע ווייטיקן. הלוואַי וואָלט ער זיך געקאָנט אַזוי צעוויינען ווי זי... ער פילט אַז זיין האַרץ איז ביי

אים ווי אַרומגעלייגט מיט אָנגעגליטע שטיינדלעך.

ווען זיי זיינען געפאָרן צוריק, האָט שוין די זון געהאַט איינגעפּאַקט אַלע אירע שטראַלן. בלויז אַרויסגעשטעקט אַ פייערדיק אויג פון צווישן דיביימער אין מערב־זייט. אַ קיל ווינטעלע האָט געבלאָזן, געריסן די הויכע צילענדערס ביי די מאַנסבילן פון די קעפּ, דעם שוואַרצן שלייער פון דער מומעס פּנים. אַלע זיינען געזעסן שטיל ווי צפּורה וואָלט ערשט היינט געשטאָרבן . . .

* * *

די שטאָט טשאַרלסטאָן איז מרדכין שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט באַשלאָסן צו פאַרווילן זיך דאָ אַביסל. דערווייל האָט ער נאָך נישט באַשלאָסן די טעג אָדער וואָכן, וואו צו זיין האָט אים אויך נישט געפעלט. קרובים האָבן זיך פשוט געריסן איבער אים: „מרדכי, קום צו מיר! מרדכי, קום צו מיר!"

שפּאַצירט ער זיך אַזוי אויף דער הויפּט־גאַס. דאָ און דאָרט טראָגן זיך שוואַרצע קאַוטשן. די רעזאָרן הייבן זיך און פּאַסאַזשירן טאַנצן אויף די ערטער. די שטאָלצע פערד, מיט פאַרשיידענע טראָלדן באַהאַנגען, גייען פּאַמעלעך, ציילן די שפּאַן, — איינס־צוויי־דריי, אָדער ווי עס קלינגט אָפּ אין מרדכיס אויערן: „מיר האָבן צייט, מיר האָבן צייט". (דאַן איז נאָך נישט געווען אַזאַ גערודער, אַזאַ איילעניש ווי היינט. די פערד האָבן געטאָן די אַרבעט וואָס היינט די אויטאָס און טראָקס).

אַ טייל איינוואוינער האָבן שוין געוואוסט ווער מרדכי איז. אַז זיין טאַטע און זיידע זיינען געווען פּערזענלעכע פריינט פון געאָרג וואַשינגטאָן. האָט מען זיך טאַקע געשושקעט ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען. אָט האָבן זיי זיך ערשט געהוידעט אויף זייערע שטולן אויף די גערעמע גאַניקעס, געסקריפּעט אָן אויפהער, און פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעטענהט מיט די מאָרדעס זייערע:

— ער איז פון דער נאָרד!

אייניקע האָבן דערביי כעסדיק אויסגעשפּיגן זייער קיי־טאַבאַק פון די מיילער און פּלוצים באַקומען זויערע פּנימער. פאַרוואָס? ווייל סע האָט זיך שוין געהאַט באַצייטנס אָנגעהויבן אַ שטילע קריג צווישן דער סאוט און דער נאָרד וועגן נעגער־שקלאַפן. זיי האָבן טאַקע נישט געוואוסט באַשטימט צי איז מרדכי קעגן שקלאַפן, נאָר אַז ער קומט פון דער נאָרד און איז נאָך אַ ייד דערצו, איז שוין געווען אַ גוטער סימן ביי זיי אַז ער איז קעגן שקלאַפעריי.

אַפילו קינדער האָבן שוין מרדכין געקאַנט. ווען זיי פלעגן זיך קומען שפּילן לעבן זיינעם אַ קרוב און זיינע אייגענע זיינען אויך געווען

צווישן זיי, פלעגט ער זיך בעטן אַז מען זאָל אים אויך אַריינבנעמען אין שפּיל. קאָן זיין אַז סע איז אפשר געווען דערפאַר וואָס קליינערהייט האָט ער זיך ווייניק געשפּילט, ווייל ער איז געבליבן אַ יתום און איז כמעט אַלע מאָל אַרומגעגאַנגען אַ פאַרקלערטער ווי אַ גרויסער. אַז ער איז געוואָרן היימיש מיט די קינדער, האָט ער זיי געפרעגט צי ווייסן זיי ווער טאָמאָס דזשעפערסאָן איז. די מערסטע קינדער האָבן טאַקע נישט געוואוסט, האָט ער זיי דערקלערט אַז ער אַליין איז אַ גרויסער אָנהענגער פון זיין פּאַרטיי. טאָמאָס איז ווי אַ טאַטע צו אַלעמען, ווי געאָרג וואַשינגטאָן איז געווען.

מרדכי איז געווען צופרידן וואָס די קינדער האָבן זיך צו אים צוגעהערט. זאָלן זיך די אויערן זייערע צוגעוואוינען צו די נעמען פון מענטשן וואָס האָבן ליב די פרייהייט, האָט ער זיך געטראַכט.

אָבער איצט, ביי דעם מאָמענט, האָט ער זיך געלאָזט גיין צווישן די דערוואַקסענע. ערגעץ איז אין אַ זאַל פאַראַן אַ גרויסער פּאָליטישער מיטינג וועגן דער „נייער מלחמה וואָס איז שוין געווען כמעט אויף דער שוועל" . . .

ווען מרדכי איז אַהין אַריינגעקומען, איז טאַקע דער זאַל געווען געפּאַקט מיט מענטשן. פּאַרמערס, אַרבעטער, דאָקטוירים, לאָיערס און צייטונגס־לייט. מרדכי האָט זיך אַוועקגעזעצט. סע האָט גערעדט איינער אַ מיסטער טומער, אַ צייטונגס־מענטש. זיין שטימע האָט געדונערט קעגן דער מלחמה מיט ענגלאַנד, וואָס דאָס האָט דאַן געמיינט צו פאַרלירן דאָס געוואונענע. ווייל די לאַרדן פון ענגלאַנד האָבן זיך נישט אויפגעהערט צו טשעפּען צו דער באַפרייטער מלוכה. איר פּשוט דעם קאָפּ נישט געלאָזט אויפהויבן.

מרדכי האָט זיך געהאַלטן אין איין דרייען אויפן בענקל. ס'האָט אים שטאַרק ווי געטאָן. דאָס איז ביי אים געווען אַ שטימע קעגן פרייהייט. האָט ער זיך אויך פאַרשריבן צום וואָרט און באַלד האָט זיין שטימע הויך און ברייט אָפּגעקלונגען איבערן אָנגעררויכערטן זאַל. איבער די זיילן רויך איז געווען שווער צו זען זיין פּנים, אָבער דערפאַר האָבן אַלע געהערט זיין קרישטאָלענע שטימע.

צייטונגס־לייט, דאָקטוירים, לאָיערס, — האָבן זיך אין דער שטיל גענומען נאָכפרעגן: ווער איז ער ? ווער איז ער ?

אַז מרדכי האָט געענדיקט רעדן איז דער זאַל פאַרטויבט געוואָרן פון די פּאַטשערייען. אַלע יונגע זיינען געווען אויף זיין זייט. ער איז פּשוט מיד געוואָרן צו דריקן אַזויפיל הענט. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט ווי אַ רבין זייערן.

פירער פון פּאָליטישן קלוב, וואָס זיינען אויך געווען מיט מרדכיס מיינונגען און פּרינציפּן, האָבן אים צוגעצויגן צו זיך. ער האָט גלייך אָנגעהויבן שרייבן אין זייערע צייטונגען, און די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך, מ׳האָט געשלונגען די ווערטער זיינע.

אָט אַזוי אַרום האָט מרדכי געקראָגן אַ סך שונאים, וואָס האָבן זייער געוואָלט אים פאַרטרייבן פון שטאָט. האָט זיך באַטראַכט איינער פון זיי, מיסטער טומער, און אים אַרויסגערופן אויף אַ דועל, וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער אין דער מאָדע . . .

— וואָס איז אַ דועל? אָט וואָס!

צוויי קעגנער קומען זיך צונויף אויף אַ פרייען פעלד. אַהין קומט אַן עולם, ווי צו אַ „פּרייז־פּאַיט", צו קוקן. דער חילוק איז נאָר, וואָס יענע האָבן זיך געשלאָגן מיט פיסטעלס, אָדער בלויזע שווערדן. נישט איין מענטש פלעגט דאָן שטאַרבן פון די וואונדן.

מרדכי האָט זייער נישט געהאַט קיין חשק צו דעם דועל. ער האָט געטענהט: פאַרוואָס קאָנען זיך ציוויליזירטע מענטשן נישט אויסגלייכן מיט ציוויליזירטע מיטלען? אָן בלוט פאַרגיסונג. אָבער ער האָט גע־מוזט אָננעמען. ווען נישט, וואָלט ער באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ שרעק־קעוודיקן און די שונאים וועלן קריגן די אויבערהאַנט. זיינע פריינט האָבן איבער אים לאַנג גערעדט, ביז ער האָט ענדלעך איינגעשטימט.

אָבער ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק פאַרן דועל, — מרדכי האָט שוין געוואוסט ווי אַזוי אָנצוגיין מיטן פיסטעל, אַ דאָקטאָר איז שוין גע־ווען באַשטעלט, — האָט זיך פלוצים מיסטער טומער צוריקגעצויגן. די סיבה דערפון איז נישט געווען באַקאַנט. פאַר מרדכין איז דאָס געווען זייער אַ גוטע בשורה.

אָבער די פרייד זיינע האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין עטלעכע טעג אַרום, — אַהאַ! סע רופט אים שוין אַרויס אַ צווייטער, איינער אַ קרעפּטס. איצט איז ביי אים קיין ספק נישט געווען אַז די שלעכטע מענ־טשען ווילן אים אָפּרוימען פון וועג. וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער זיך אַנטזאָגן איצט, איז ווער ווייס צי וועלן זיי פון אים נישט פאַרלאַנגען צו פאַרלאָזן די שטאָט? און וואָס וועט זיין אַז אין אַן אַנדער שטאָט וועט מען עס פון אים פאָדערן? האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און ווידער באַ־שלאָסן צו גיין. ער גייט דאָך זיך שלאָגן, איינשטעלן זיין לעבן פאַר דער פרייהייט פון לאַנד.

אָבער דאָס צווייטע מאָל איז דער דועל אויך צוריקגערופן געוואָרן די לעצטע מינוט. מרדכי האָט געדענקט אַז דערמיט האָט זיך שוין אַלץ געענדיקט. אָבער אַ נעכטיקער טאָג . . .

ער שפּאַצירט זיך אַזוי איינמאָל מיט זיינעם אַ פריינט אין אַ פּאַרק. סע איז געווען אַ כמורנער טאָג, מ׳האָט געקענט דערוואַרטן יעדע מינוט אַז סע זאָל אַ ליאָפּע טאָן אַ רעגן. האָבן זיךביידע דערפאַר באַוואָרנט מיט שירעמס. ווי באַלד אַזוי, גייט מען זיך פּאַמעלעך און מע שמועסט. פּלוצים, ווי פון דער ערד אַרויס, שטעלט זיי אָפּ אַ מאַן מיט אַ פּאָר גרויע אויגן ווי ביי אַ קאָטער. ער וויל וויסן וועער פון זיי ביידע איז מרדכי עמנואל נח. און אַז ער האָט זיך דערוואוסט, האָט ער זיך דריי מאָל געבוקט ווי פאַר אַ קעניג און אַריינגעוואָרפן אים אין שירעם אַריין אַ פאַרזיגלטן בריוו, און ער איז שוין נישטאָ מער.

וואָס קאָן דאָס זיין פאַר אַ בריוו ?

ביידע פריינט זיינען צעטומלט געוואָרן, ווי זיי וואָלטן באַצייטנס געוואוסט מיט וואָס דער בריוו „שמעקט״.

מרדכי האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון שירעם מיט די שפּיץ פינגער, ווי עפּעס אַן אומריינע זאַך. און אָט לייענט ער. זיין פּנים מינעט זיך. זיין שטערן קנייטשט זיך. שוין ווידער אַ דועל. דאָס מאָל רופט אים אַרויס אַ ברודער פון זיין פאָלק — אַ ייד, וואָס הייסט קאַנטאָר. דאָס האָט מרדכין, ווייזט אויס, געערגערט נאָכמער ווי פריער. ער איז געבליבן שטיין ווי אַ שטומער, קיין איינציק וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. ער האָט איבערגעגעבן דעם בריוו צו זיין פריינט און ביידע זיינען געגאַנגען מיט געבויגענע קעפּ.

דאָסמאָל איז דער דועל פאָרגעקומען. די גאַנצע שטאָט האָט זיך צו דעם געגרייט, ווי צו עפּעס אַ גרויסער שמחה.

קאַנטאָר האָט אויסגעזען ווי אַ בער אין פאַרגלייך מיט מרדכין, און אַלע, אַפילו די פריינט, זיינען געווען זיכער אַז מרדכי וועט פאַרלירן.

און אָט איז געקומען דער טאָג. פאָרט מרדכי צום באַשטימטן פעלד. ער האָט דעם גאַנצן וועג קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. די פריינט זיינע פּרוּוון זאָגן וויצן, אָבער אים גייט עס איצט נישט אין קאָפּ אַריין. מאָדנע מחשבות פליען אַריין און אַרויס. וועט יענער אים דערהרגענען, ווילט זיך אים נישט שטאַרבן אַזוי יונג. וועט ער יענעם דערהרגענען, וועט ער עס זיך קיינמאָל נישט קאָנען מוחל זיין. עס וועט זיך אים נאָך אויסדאַכטן, אַז אומעטום טייטלט מען אויף אים : „גזלן, גזלן !״

דאָס פעלד איז שוין געווען פול מיט מענטשן. אָט איז שוין אַ דאָקטער, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן כאַלאַט. אָט זיצט שוין דער ריכטער און אָט שטייט שוין קאַנטאָר מיט אַ גראָבן שמייכל אויפן פּנים. מרדכי איז בלייך ווי אַ מת. ער וויל אַפילו נישט קוקן אין זיין זייט. אַ גלעקל קלינגט. דער דועל הייבט זיך אָן. איידער וואָס, ליגט שוין קאַנטאָר

# ברוך מילער

אויף דער ערד און בלוט רינט פון אים.

מרדכין האָט אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. די פיס האָבן זיך ביי אים אָנגעהויבן בייגן, ווי ווייכע דראָטן: צו־וואָס האָט ער עס גע־דאַרפט. אָט קלינגען שוין די טרויעריקע ווערטער אין זיינע אויערן: „גזלן, גזלן!". ער האָט געפילט אַז זיין האַרץ פּלאַצט ביי אים. דער דאָקטער האָט זיך דערווייל אָ נעם געטאָן צום געפאַלענעם „העלד" און פּלוצים זאָגט ער — טרעפט וואָס?

אַז קאַנטאַר לעבט. און אין עטלעכע מינוטן אַרום איז ער שוין גע־שטאַנען אויף די פיס.

האָט מרדכי פריילעך אויסגערופן:

— מיין פרייד איז אַ טאָפּלטע. קיינעם נישט געהרגעט און אַליין געבליבן לעבן!

נאָך דעם פאַל האָט מרדכי געוואָרפן אַן אומחן אויף דער שטאָט טשאַרלסטאָן און באַשלאָסן צוריקצופאָרן אין זיין געבורט־שטאָט פילאַ־דעלפיע.

* * *

איצט איז דער יונגער מרדכי געווען באַרימט אין די הויכע מלוכה־קרייזן מער ווי פריער. דאָס מאָל פאַר זיין בראַוקייט, ווייל ער איז גרייט געווען צו פאַרלירן זיין לעבן פאַר דער פרייער רעפּובליק. אויף אים האָבן געוואָרט צוויי איבעראַשונגען. אָט קריגט ער דעם טיטול מאַיאָר (מיידזשאָר), וואָס איז אים פאַרבליבן אַ צונאָמען ביז היינט צו טאָג, און אָט ווערט ער באַשטימט פאַר קאָנסול קיין טוניס, וואָס איז די הויפּשטאָט פון אַן אַראַבישער מלוכה.

אין טוניס האָט מרדכי געדאַרפט אָנהאַלטן פריינטשאַפט מיט דער מלוכה און אויך העלפן באַפרייען פון דאָרטן אַ צאָל אַמעריקאַנער מאַט־ראָסן, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן אין יענע וואַסערן, און געמאַכט האָט מען זיי פאַר שקלאַפן.

אָט די אַרבעט, — פון העלפן באַפרייען מענטשן, און דערצו נאָך פון זיין לאַנד, — איז געווען ביי אים זייער אָנגעלייגט. ער האָט גע־טראַכט אַז דאָרטן געפינען זיך אויך זעכציק טויזנט ברידער פון זיין פאָלק, יידן, און זיי זיינען אונטערדריקט. אפשר וועט ער קאָנען לייכ־טער מאַכן זייער לעבן. ער וואָלט זיך שוין וועלן זען דאָרטן און דורכ־פירן זיין שליחות. זאָלן שונאים זען וואָס אַ יידישער שטאַטסמאַן קאָן אויפטאָן.

און אָט גליטשט ער זיך איבער ימים אויף שלעפערדיקע שיפן. און אָט איז ער שוין אין פראַנקרייך, — דאָס לאַנד וואָס ער האָט אַזוי ליב,

ווייל סע האָט אַרויסגעהאָלפן אַמעריקע צו באַפרייען זיך. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין סך צייט צו פאַרזאַמען זיך דאָ. זיין שליחות רופט אים. מענטשן וואַרטן אויף זייער באַפרייאונג . . .

אָט ציען זיך שלעפעדיקע קעמלען. אָט הערן זיך געזאַנגען, וואָס זיינען ענלעך צו יידישע תפילות, — ער איז שוין אין טוניס.

דער פאַראַד פאַר מרדכין איז געווען ווי פאַר אַ מלך. לאַנגע רייען סאָלדאַטן, גענעראַלן מיט מעדאַלן. פאָנען פלאַטערן. אָרקעסטערס שפּילן, פויקן קלאַפּן, טאַנצן, דרינבדזשען. מען פירט אים צום קעניגלעכן פּאַלאַץ. און דאָרטן, ווי געווען איז דער מינהג אין טוניס, האָט מרדכי געדאַרפט קניען און קושן די האַנט פון דעם גרויזאַמען טיראַן, וואָס רופט זיך אַטאַ־מאַן פּאַשאַ.

מרדכי איז געוואָרן שטאַרק אומעטיק. זיין פרייד איז צעשטערט. ס׳טייטש, אַ פרייער אַמעריקאַנער זאָל דאַרפן קניען און קושן די האַנט פון איינעם, וואָס ער האָט אַזוי פיינט . . . אָך, ווען ער מעג דאָס אַרויסרעדן, ווי גוט ער וואָלט זיך געפילט . . . באַלד טראַכט ער וועגן זיין שליחות, וואָס איז פאַרן וואוילזיין פון זיין לאַנד. זאָל ער זיך נישט צוהערן צו זיין האַרץ . . . דער קאָפּ מוז ביי אים זיין ניכטער. און מיט ווייטיק און פאַרדרוס האָט ער דעם ווילדן מינהג דורכגעמאַכט.

איבערגעקומען אָט די צערעמאָניעס, האָט זיין פּנים ווידער אָנגע־הויבן שיינען, בעת ער האָט צום ערשטן מאָל אַרויפגעצויגן די אַמערי־קאַנער פאָן אויף זיין הויף. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגע־קוואָלן ווי די פרייע פאָן פלאַטערט. ער האָט זיך גענומען פאָרשטעלן ווי אַזוי די פאַרמשכנטע מאַטראָסן וועלן זיך פילן בעת זיי וועלן דערזען זייער אייגענע פאָן . . .

אָט איז ער אינעווייניק אין פּאַלאַץ ביי זיך. ער ברענגט אין אָר־דענונג אַלע געזעץ־ביכער און זיגגט זיך אונטער. ער פילט ווי אַ נעם־טאָן אַלע זיינע געהילפן און כאַפּן אַ טענצל.

די פרייד האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. פּלוצים רוקט זיך אָן אַ שוואַרצער וואָלקן אויף זיין קלאָרן הימל. אַן אויפשטאַנד. דער טיראַן אַטאַמאַן פּאַשאַ ווערט געהרגעט און אַ צווייטער פאַרנעמט זיין פּלאַץ. אַרט אים נישט פאַר דעם טיראַן, נאָר דאָס וואָס ער וועט ווידער דאַרפן בוקן זיך און קניען, די האַנט קושן ביי דעם צווייטן טיראַן. אָדער, ווער ווייס, אפשר איז דער נייער נאָך ערגער ווי יענער?

און סע האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מרדכין אומעטיקע טעג, און נעכט אָן שלאָף, ביז אַלץ אין דער מלוכה האָט זיך איינגעשטעלט. דערצו האָט נאָך פּאַסירט, אַז אַנדערע קאָנסולן פון אַנדערע מלוכות האָבן אים

באַצייטנס אָנגעהויבן אונטערשטעלן אַ „פּיסל״, איבערהויפּט דער ענגלישער קאָנסול, וואָס האָט בשום אופן נישט פאַרגונען די פרייהייט דעם אַמעריקאַנעם פאָלק. אין די אויגן געווען פריינטלעך, און הינטערוויילעכס באַגאַנגען רישעות קעגן מרדכין און זיין מלוכה. ער האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען.

דערפאַר אָבער האָט מרדכי שטאַרק נושא־חן געווען ביים טיראַן אין די אויגן. ער האָט איינמאָל, ביי אַ סעודה, גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז ער האָט ליב מרדכין, ווייל ער איז אַן אויפריכטיקער און קלוגער מאַן. מרדכי איז געווען גליקלעך. געטרייסט די בירגער פון זיין לאַנד, אַז אָט־אָט קומט דער טאָג, ווען זיי וועלן ווידער שפּאַנען אויף פרייער ערד. אויגן האָבן געלויכטן און געציילט די מינוטן . . .

קומט פּלוצים אָן אַ ספּעציעלער שטאַפעט און ברענגט מרדכין אַ פאַרזיגלטן בריוו מיטן שטעמפּל פון זיין מלוכה. וואָס האָט זיך געשריבן אין דעם בריוו ?

בעת מרדכי האָט געלייענט, האָט זיך אים פּשוט געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט עטלעכע מאָל געטאַפּט די ווערטער מיט זיינע בליקן און זיך אַליין נישט געגלויבט וואָס ער לייענט. ער האָט דאָס פּאַפּיר אַ שליידער געטאָן אויף דעם לאַנגן טיש און אָנגעהויבן שפּאַנען גיך הין און צוריק. די געהילפן זיינע האָבן אים נאָכגעקוקט און געהויבן מיט די אַקסלען, נישט אָנגעהויבן פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר...

מרדכי איז באַלד ווידער צוריקגעקומען צום טיש און פאַמעלעך געלייענט : ער דאַרף גלייך קומען צוריק. אויס קאָנסול. פאַרוואָס ? צוליב זיין רעליגיע. ער האָט געפילט ווי אויסשרייען : ווי איז דאָס מעגלעך ? ניין ! ער וועט זיין מלוכה קיין שלעכטן נאָמען נישט מאַכן ביז ער וועט נישט אַליין אַלץ אויספאָרשן . . .

יענע נאַכט איז ער געלעגן אויף זיין בעט מיט אָפענע אויגן און נישט געקאָנט איינשלאָפן : פאַרוואָס קומט דאָס אים ? פאַרוואָס שלאָגט מען אים איבער זיין וויכטיקע אַרבעט פאַר דער מלוכה ? סע שיינט שוין דער מאָרגנשטערן און ער האָט נאָך קיין אויג נישט צוגעמאַכט. אָט זינגען שוין די פייגל אויף די ביימער זייער מאָרגן־געזאַנג. אים דאַכט זיך אַז די פייגל זיינען היינט אַזוי אומעטיק, ווי זיי וואָלטן אים באַדויערט. ער טוט זיך אָן און לאָזט זיך אַוועק אויסצוגעפינען פאַרוואָס זיין מלוכה האָט אים געשריבן אַזאַ בריוו.

מרדכי דערוויסט זיך דורכן נעכטיקן שליח אַז אַ צווייטער קאָנסול פון זיין פרייען לאַנד האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט אַ שכנהשער קליינער מדינה און אונטערגעשריבן די רעגירונג זיינע ווי אַ קריסטלעכע, און

איצט, הייסט דאָס, האָט מען מורא אַז דער אַטאָמאַן דאָ אין טוניס וועט זיך דערוויסן אַז זיין קאָנסול איז אַ ייד . . .

מער האָט ער נישט געוואָלט הערן. ס׳איז שוין קלאָר פאַר אים, אַז דאָס איז די אַרבעט פון שונאים. ער וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען אין דערהיים און איצט וועט ער גיין זען די ברידער פון זיין פאָלק. ער וועט שוין מער קיין מעגלעכקייט נישט האָבן. די שיף שטייט שוין גרייט אים אָפּצופירן צוריק אין זיין לאַנד, וואָס האָט פּלוצלינג קעגן אים געזינדיקט.

און אָט גייט מרדכי דורך שמאָלע פאַרחושכטע קרומע געסלעך, שטיבלעך ווי הויקערס, אַראָבער מיט פאַרבונדענע קעפּ, ווי זיי וואָלטן פּלוצים אַלע געליטן אויף קאָפּ־ווייטיקן. אָט ציען זיך מענגעס באַלאָדע־נע קעמלען. אָט זיצן בעטלערס און שפּילן אויף הילצערנע פייפעלעך אַזעלכע אומעטיקע ניגונים. און אָט שטייען פאַר אים ברידער־יידן לעבן אַן אייזערנעם טויער.

אין דער שטאָט טוניס געפינען זיך טאַקע צוואַנציק טויזנט, אָבער ער קאָן דאָך זיי אַלע נישט דערגרייכן. מרדכי קוקט אויף דער קליינער צאָל יידן דאָ לעבן זיך און ער באַדויערט זיי.

אָט ווי זיי האָבן אויסגעזען: אַלע מענער מיט געגאָלטע קעפּ, ווי געפאַנגענע. זיי האָבן געטראָגן לאַנגע בלויע פּראַקן, אָן אַרבל און אָן קעלנער. שוואַרצע מיצעלעך אויף די קעפּ און אונטער די דאַזיקע פּראַקן לייווענטענע העמדער. די אויגן זייערע דערשראָקענע. זיי באַקלאָגן זיך אַז די מלוכה זייערע פאַרווערט זיי צו טראָגן אַנדערע מלבושים, אַנדערע קאָלירן. מרדכי שטייט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. ער וויל וויסן פאַר־וואָס זיינען די מערסטע פון זיי קרעמער. און אַן אַלטער ייד, מיט קאַליע אויגן, ענטפערט אַז די ברידער האָבן גראָד ליב אַרבעט, נאָר זיי מוזן האָבן אַ סך געלט צו קענען „שמירן", געבן כאַבאַר . . . אַנדערע ציען אים ביים פּראַק. זאָל ער נישט פלאַפּלען צופיל. סע ווילט זיך טאַקע אָפּרעדן פון האַרצן, אָבער . . .

מרדכי פאַרזיכערט זיי, אַז פאַר אים דאַרפן זיי זיך גאָרנישט היטן. און שווערע יידישע הערצער באַפרייען זיך פון אַביסל צאָרן: וואָס נאָך וויל מרדכי וויסן? פאַרוואָס זעט מען עפּעס נישט קיין פרויען? און מרדכי דערוויסט זיך, אַז נשים (פרויען) טאָרן נישט קומען וואו מאַנסבילן פאַרזאַמלען זיך . . . דערצו איז נאָך היינט פרייטיק, זיינען זיי אויפן בית־עולם . . . אַזאַ מינהג דאָרט.

מרדכי דריקט זיי אַלעמען די הענט און טרייסט זיי, אַז די צייט איז נאָענט ווען אַלע מענטשן וועלן באַפרייט ווערן. ער גייט אַוועק און

סע כאַפּט אים אָן אַ חשק צו גיין זען וואָס אייגנטלעך די פּרויען טוען יעדן פרייטיק אויפן בית־עולם ?

גייט ער און טראַכט וועגן די יידן, וואָס מוזן זיין געשעפּטסלייט כדי צו קאָנען זיך קויפן אַביסל פרייהייט. און דערווייל טייטלט מען אויף זיי אַז זיי טוען נישט קיין אַרבעט. און אָט איז ער שוין אויפן בית־עולם. די מערסטע פרויען זיינען צעוואַקסענע. זיי טראָגן גרינע פּורפּורנע קליידער. ער טראַכט זיך : מסתמא איז זיי אויך פאַרוועגט צו טראָגן אַנדערע קליידער.

זיי שטייען מיט קאַלעך און בערשטלעך אין די הענט און קאַלכן־אָפּ די קויטיקע מצבות. אָט אַזוי קומען זיי אַהער יעדן פרייטיק. מרדכי זיפצט שווער. אים דערמאָנט זיך איצט זיין מוטער. זיין האַרץ וויינט ביי אים אין דער שטיל . . .

* * *

די רייזע צוריק איז נאָך געווען שווערער ווי דאָס קומען אַהער, ווייל איצט פירט ער מיט זיך צאַרן אָנשטאָט פרייד. די בלויע וואַסערן זעען ביי אים איצט אויס קאַלעמוטנע, די פייגל וואָס פליען אַרום — ווי ראָבן.

זיין קאָפּ גייט ביי אים כאַדאַראָם פון צופיל אַריינקלערן זיך וועגן ייד און גוי . . . גוי און ייד . . . אַז אַפילו אין אַ פרייער מלוכה זאָלן אויך האָבן שליטה יידן־פיינט. ער פילט אַז זיין קאָפּ ווערט ביי אים צע־שפּאָלטן אויף שטיקער. פון צייט צו צייט נעמט ער אים טאַקע אַרום מיטביידע הענט, ווי ער וואָלט געמאַכט אַ רעמעלע אַרום זיין קאָפּ.

ווען די שיף האָט שוין געשניטן די וואַסערן פון זיין לאַנד, האָט ער מיט זיך איינגעטענהט : „מרדכי, דו מוזט דיך שטאַרקן, סע מוז עפּעס זיין אַ טעות" . . .

אין מלוכה־הויז האָט מען אים אויפגענומען קאַלט. ס'איז שוין געלעגן אַ נייע קלאַגע אויף אים, אַז ער האָט צופיל מלוכה־געלט פאַר־שווענדט. דאָס האָט אים שרעקלעך וויי געטאָן. האָט ער זיך פאַר־שפּאַרט אין אַ צימער און אָוועקגעשריבן צוויי בריוו : צום פּרעזידענט איינעם, און דעם צווייטן צו זיין בעסטן לערער — טאָמאַס דזשעפערסאָן.

ער האָט געציילט די טעג, די שעהן, די מינוטן, ביז ער וועט באַקו־מען אַן ענטפער פון זיי. דערווייל איז ער אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדי־קער. פאַר זיינע בעסטע פריינט נישט אַלץ דערציילט.

און אָט ציטערן זיינע הענט ווי ביי אַ זקן. אָט פאַלן די בריוו אַרויס פון זיינע הענט. אַ קלייניקייט : אַן ענטפער פון די צוויי מענטשן. דאָ ליגט דאָך פאַרזיגלט זיין צוקונפט, די צוקונפט פון זיינע ברידער, ווען סע וועט זיך גלוסטן קריכן אויף דעם לייטער, פונוואַנען מען האָט אים

אַרונטערגעוואָרפן . . .  אָט איז ער געווען אַ פּאַרטרעטער פון זיין מלוכה צו אַ צווייטער, און אָט איז אויס מיט אַלץ . . .

וואָס האָבן די צוויי באַרימטע מענטשן פון יענער צייט געשריבן צו מרדכין ?  דער פּרעזידענט מעדיסאָן האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ער, מרדכי, איבערשטייגט אים נאָך מיט קאַמף פאַר פרייהייט, און וועגן דעם, וואָס ער איז אַ ייד, דאַרף ער זיין שטאָלץ דערמיט. „מעגן פּי־לאָזאָפן און וויצלער לאַכן, זיין מיינונג איז אַז דער פּאָטער אברהם פון חומש האָט געבראַכט אַ רעליגיע נישט נאָר פאַר יידן, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט". און זיין ליבלינג טאָמאַס דזשעפערסאָן באַדויערט שטאַרק אַזאַ פאַל . . .

ווי באַלד אַזוי, האָט שוין מרדכי נייעם מוט. אָט איז ער אין דער הויפּטשטאָט ביים סעקרעטאַר און ער פאָדערט דעם אָריגינאַל פון דעם בריוו וואָס ער האָט אים געשיקט. אָבער דער בריוו איז נישטאָ. איז פאַר אים שוין קלאָר געוואָרן אַז די מלוכה איז טאַקע אַ פרייע, אָבער יידן־פיינט פעלן נישט . . .

* * *

מיט ליב און לעבן האָט זיך מרדכי ווידער אַריינגעוואָרפן אין מלוכה־אַרבעט. געוואָלט ווייזן די שונאים זיינע אַז יושר מוז זיגן. זיין נאָמען ווערט ווידער גרויס. ער ווערט דער הויפּט שעריף פון ניו־יאָרק, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ גרויסער אַמט. אָט איצט וועט ער זיי ווייזן וואָס אַן ערלעכער מענטש טוט ווען דאָס געזעץ איז אין זיינע הענט.

צום אַלעם ערשטן לאָזט ער נישט אַרעסטירן די אָרעמע בעלי־חו־בות (אָט אַזוי האָט זיך דאַן געפירט). מרדכי האָט געטענהט אַז די רייכע קרעדיטאָרן זאָלן האָבן אַביסל איינזעעניש און וואַרטן ביז די אָרעמע וועלן זיין בכוח צו באַצאָלן. וואָס וועט שוין אַרויסקומען פון דעם וואָס מען וועט זיי פאַרשפאַרן הינטער גראַטעס ?

דאָס האָט זייער נישט געשמעקט די גאָר רייכע פון יענער צייט. איבערהויפּט די אַנטיסעמיטן. זיי האָבן אָבער קיינעם נישט געקענט אָנרייצן אויף מרדכיס גוטע מעשים, ווייל די אָרעמע זיינען געווען צו־פרידן. זיינען זיי אַרויסגעקומען אין זייערע צייטונגען און באַקלאָגט זיך, אַז ס'איז גלאַט נישט שיין פאַר דער שטאָט אַז אַ קריסטלעכער מער־דער וועט דאַרפן געהאנגען ווערן דורך די הענט פון אַ יידישן שעריף.

מרדכי האָט זיך פשוט געהאַלטן ביי די זייטן פון לאַכן ווען ער האָט געלייענט אָט די נאַרישע שורות. ער האָט באַלד אַ כאַפּ געטאָן זיין שאַרפע פען און קורץ און שאַרף געענטפערט : „ס'איז אַז אַך און ווי

שוין צו דעם קריסט וואָס דאַרף געהאַנגען ווערן דורך וועלכער ס׳איז האַנט״ . . . דער דאָזיקער ענטפער האָט זייער אויסגענומען, און מרדכי האָט געדענקט אַז שוין: פון איצט אָן און ווייטער וועלן די שונאים זיין מער שכלדיק. אָבער באַלד האָט זיך אָנגערוקט אַ נייער וואָלקן אויף זיין קאָפּ. עס האָט אויסגעבראָכן אַ מגיפה אין שטאָט. דער געלער־פיבער, וואָס איז געווען אַ גאַנץ אָפטער גאַסט צו יענער צייט, ווייל די שטאָט איז נישט געווען ריין גענוג.

די תפיסות זיינען געווען פאַרפּלייצט מיט חולאים. סע האָט געהאַלטן דערביי אַז אַלע דאָרטן זאָלן אויסשטאַרבן. האָט מרדכי גלייך באַפוילן צו עפענען די טויערן און אָפּטיילן די קראַנקע פון די געזונטע. ער האָט גערופן צו זיך מלוכה־מענטשן צו באַראַטן זיך וועגן דער ריינקייט פון שטאָט. ער האָט אַפּעלירט צו די רייכע אַז זיי זאָלן נישט איינזינען האָבן בלויז זייערע ספּעקולאַציעס, נאָר העלפן אין דער איצטיקער נויט.

אָט וואָס דער ענטפער איז געווען:

אין אַ גרויסער קירך זיינען זיך צונויפגעקומען אַ היפשע צאָל קריסטן צו בעטן גאָט אַז די מגיפה זאָל אָפּגעשטעלט ווערן. האָט דער דאָרטיקער גלח דערלאַנגט אַזאַ דרשה: „אַז די מגיפה איז אָנגעשיקט געוואָרן דערפאַר, ווייל אַ ייד איז דער שעריף״ . . . ער האָט זיי געסטראַשעט אַז גאָט וועט נאָך מער שטראָפן אויב דער ייד וועט נישט באַזייטיקט ווערן.

און פונקט ווי אין אַלע פינצטערע צייטן, האָבן שונאים געזוכט ווי אַזוי צו צעמישן די מוחות פון פאָלק, אַז די רייכע זאָלן קאָנען אָנגיין מיט זייערע שווינדלען, אַזוי אויך דאָס מאָל. קריסטן וואָס האָבן ערשט נעכטן באַגריסט מרדכיס מענטשלעכע האַנדלונג, ווערן זיינע שונאים. באַווירקט געוואָרן פון די רייד פון דעם אומווירדיקן גלח, וואָס האָט אַלץ גערעדט אין נאָמען פון גאָט אַליין . . .

ווערט דער שטורעם גרויס און גרעסער. די מגיפה פאַרשפּרייט זיך מער און מער. שונאים זיינען צופרידן. זיי אַרט נישט וואָס אָרעמע מענטשן שטאַרבן. אָבער מרדכין טוט ווי דאָס האַרץ פאַר די אומשולדיקע קרבנות. מיט אַ פלוך אויף זיינע ליפּן קעגן די שונאים פון יושר, ציט ער זיך צוריק. אָבער די מגיפה האָט לאַנג, לאַנג אָנגעהאַלטן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס אַ קריסט האָט זיין אָרט פאַרנומען . . . ערשט דאַן האָבן די נאַרישע מענטשן איינגעזען ווי פאַלש עס זיינען געווען די רייד פון דעם אומווירדיקן גלח.

די שטאָט־רעגירונג וואָס איז געווען קעגן אָט די שונאים פון יושר,

האָט באַשטימט גלייך מרדכין פאַר אַ ריכטער. האָבן זיך ווידער די אָרעמע געפרייט און ווידער האָבן די שונאים פאַרהילכט די שטאָט מיט גיפטיקע רייד. ווידער איז דער גלח לעבעדיק געוואָרן און געסמט די מוחות פון דאָס ניי. אַלץ אין נאָמען פון גאָט.

מרדכי איז זיך אָנגעגאַנגען מיט זיינע גערעכטע אורטיילן פאַר די פאַרזינדיקטע, און אַלץ געדענקט אַז סוף כל סוף וועלן די שונאים פאַר־שטומט ווערן. אָבער וואָס מער יושר מרדכי האָט געוויזן, אַלץ ווילדער זיינען די שונאים געוואָרן, געלאָזט הערן זייערע שטימען אַפילו פון אַנ־דערע שטעט, אַז דער ייד מרדכי עמנואל נח איז נישט פייאיק און איז נישט פאַסיק צו זיין אַ ריכטער. דאָס האָט מרדכין געגעבן אומרואיקע טעג און נעכט אָן שלאָף. דאָס האָט אים דערמאָנט אין יענע טעג ווען ער איז געווען דער קאָנסול פון טוניס און פונקט אינמיטן דער גוטער אַרבעט זיינער האָט מען אים צוריקגערופן צוליב זיין גלויבן. איצט, פונקט ווי דאַן, האָבן ביטערע מחשבות געטאַנצט אין זיין מוח: פאַר־וואָס איז דאָס אַזוי? ביז ווי לאַנג נאָך וועט שלעכטקייט הערשן אויף דער ערד? ווי קומט עס וואָס דער ייד ווערט גערודפט נאָך מער פאַר זיינע גוטע מעשים, ווי פאַר די שלעכטע?

דאָס אַלץ האָט מרדכין געשטויסן צו זיין פּלאַן וועגן אַ יידישן ווינקל, — אַן אָנהייב פאַר דער באַפרייאונג פון די פאַרוואָגלטע ברידער אין וייטע לענדער. אַן אָנהייב צו דערהויבן דעם כבוד פון דעם יידישן פאָלק.

* * *

טעג און נעכט איז מרדכי אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. גע־קנייטשט זיין הויכן שטערן. זיינע ברוינע אויגן האָבן געשיינט. דאָס האָט ער דערווייל אין מוח ביי זיך אויסגעלייגט אַלע פּלענער פאַר דער נייער שטאָט. אַלע נויטיקע אַנשטאַלטן פאַר דער יידישער קהילה, וואָס וועט זי באַוואוינען. געהאַלטן אין איין שטודירן יידישע ספרים צו באַ־קאָנען זיך בעסער מיט די עלטער־עלטער־זיידעס, כדי בעסער צו פאַר־שטיין דעם סאַמע תוך פון זיין פאָלק.

דעם שטח ערד האָט אים די מלוכה נאָך נישט געהאָט באַוויליקט. אָבער ער איז געווען זיכער, אַז די פאַרהאַנדלונגען וואָס ער האָט מיט איר געפירט, וועלן זיך אים איינגעבן. דערווייל האָט ער דאָס געהאַלטן בסוד. זייער ווייניק נאָענטע פריינט האָט ער פון דעם דערציילט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז נישט אַלע וועלן מיט אים מסכים זיין צו זאָרגן זיך אַזוי שטאַרק וועגן זיין פאָלק. דאָס וואָלט אים זייער ווי געטאָן ביי דעם מאָמענט. אים איז דער געדאַנק איינגעפאַלן און ער מוז אים

דורכפירן. דער חוב צו זיינע ברידער ליגט אויף אים . . .

דערפאַר אָבער האָט ער קיין סוד נישט געהאַלטן פאַר זיין כלה אסתר, מיט וועמען ער האָט זיך געקליבן חתונה צו האָבן. ער איז מיט איר אַוועק אין אַ שטילן ווינקל און צעוויקלט זיין גאַנצן פּלאַן פאַר איר. אָט אַזוי און אַזוי וועט דאָס זיין! דערציילט פאַר איר, אַז לויט די יידישע ספרים וואָס ער האָט שטודירט, ווייזט זיך קלאָר און דייטלעך, אַז די עלטער־זיידעס האָבן ליב געהאַט ערד־אַרבעט. פאַרוואָס נישט איצט דאָ אין דער יידישער שטאָט? זאָל זי זיך נאָר פאַרשטעלן ווי ערלעך עס וועלן קלינגען די ברכות וואָס זיי וועלן מאַכן איבער פּירות וואָס זיי אַליין האָבן געפלאַנצט. ווי גליקלעך עס וועט זיין דאָס ברויט פון די אייגענע הענט געזייט..

אסתר האָט אויף אים געקוקט מיט אירע פאַרחידושטע אויגן. אָט ווייזן זיך טרערן פון פרייד. זי טראַכט ביי זיך, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועט זי אַלעמאָל זיין לעבן אים, העלפן אים אין זיין גרויסער אַרבעט . . . קיינמאָל, קיינמאָל וועט זי אים נישט פאַרלאָזן . . .

און ווען איר פאָטער האָט אויסגעלאַכט דעם פּלאַן, געזאָגט אַז ס׳איז אַ חלום און וועט קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן, האָט אסתר אויף אים געקוקט ווי אויף עפּעס אַ בייזן זקן. געטראַכט זיך, אַז אים פאַר־דריסט אפשר וואָס דעם יונגן מרדכין איז איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק: פאַר־וואָס נישט אים? מיט גרויסע טרערן אין אירע שוואַרצע אויגן האָט זי זיך ביי אים געבעטן אַז ער זאָל נישט שטערן, נאָר אַרויסהעלפן. אַלע, אַלע דאַרפן מרדכין אַרויסהעלפן.

דערצו האָט נאָך פּאַסירט אַז אין טערקיי איז דערהרגעט געוואָרן אַ גלח מיטן נאָמען טאָמאַס און זיינער אַ ברודער האָט געוואָרפן די שולד אויף די יידן. דאָס האָט דאַן אויפגעשוידערט די גאַנצע וועלט. טרויער איז געהאַנגען איבער יידישע קעפּ: וואָס וועט פון די ברידער דאָרט ווערן? וואו וועלן זיי זיך אַהינטאָן?

איז געלאָפן אסתר אַ פאַרקלעמטע מיט אַ צייטונג אין די הענט. געוועזן זיכער אַז איצט וועט שוין דער טאַטע אירער רעדן אַנדערע רייד. זי שפּרייט אויס די צייטונג פאַר זיינע אויגן:

— נאַ, זע! — מער קען זי נישט רעדן.

לייענט דער פאָטער די שלעכטע בשורה און באַדויערט שטאַרק: איז וואָס־זשע זאָגט ער איצט וועגן מרדכיס פּלאַן? דאָס זעלבע וואָס פריער. עס טויג נישט.

— פאַרוואָס?

דער פאָטער הייבט אויף אַ פינגער צום הימל צו און זאָגט איר, אַז

גאָט אַליין דאַרף די יידן באַפרייען. אסתר האָט געהאַט אַ פול האַרץ מיט רייד, אָבער זי האָט געשוויגן. נישט געוואָלט אַפּנים דעם טאַטן רעדן אַקעגן. זי איז אַרויסגעלאָפן אַ ברוגזע, באַשלאָסן נישט צו דער־ציילן מרדכין. זי וויל אים נישט ווי טאָן.

* * *

אין איין רעגנדיקן פרימאָרגן, אין דרויסן איז טונקל ווי ביינאַכט. די שויבן אויף די פענצטער זעען אויס ווי זיי וויינען. אָבער ביי מרדכין אויפן האַרצן איז ליכטיק. ער האָט שוין די דערלויבעניש פון דער מלוכה צו בויען די יידישע שטאָט. ווער איז איצט צו אים גלייך? אַ פריילעכער גייט ער אין גאַס. ער וואָלט איצט געוואָלט באַגעגענען דעם וויסטן גלח וואָס האָט אים אַזוי פאַרביטערט דאָס לעבן, אים ווייזן די פּאַפּירן. וואָס וועט ער דערויף זאָגן אין זיין קירך? איצט מעגן שוין אַלע וויסן אַז דער שטח ערד אַרום ניאַגאַראַ טייך איז אין זיינע הענט. די יידישע שטאָט וואַקסט שוין באַצייטנס פאַר זיינע אויגן. ער האָט שוין אַפילו אַ נאָמען פאַר איר פון דעם חומש אַרויסגענומען. אררט וועט די שטאָט הייסן . . .

מיט אַ פריילעך האַרץ איז ער געלאָפן אָנזאָגן די גוטע בשורה צו זיין כלה אסתר. זאָל זי אים העלפן זיך פרייען.

ביי אסתרן אין הויז איז געווען אַ פאַרזאַמלונג. דער פאָטער אירער האָט צו זיך גערופן אַלע אָנגעזעענע יידן פון זיין קהילה. דאָס איז טאַ־קע געווען וועגן מרדכין. זיי האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז ער זאָל אויפ־געבן זיין פּלאַן. דערזען מרדכין זיינען אַלע געבליבן מיט די ווערטער שטעקן אין האַלדז. אסתר האָט אים באַגעגנט מיט גלאַנציקע טרערן אין די אויגן. זי האָט זיך געשראָקן אַז עס זאָל נישט פאָרקומען קיין קריגערייען.

דער רב האָט מרדכין געהייסן זיך אַנידערזעצן. טאַקע גוט וואָס ער איז געקומען! ער אַליין האָט זיך אויפגעשטעלט. האַלב צוגעמאַכט די אויגן און געלאָזט וויסן מרדכין אַז דער פּלאַן זיינער איז קעגן דעם יידישן גלויבן.

ביי אסתרן האָט דאָס האַרץ שטאַרק אָנגעהויבן פּלאָטערן: אפשר וועט מען אים נאָך אַריינלייגן אין חרם? איר האָט זיך געדאַכט אַז דער רב טראַכט דערפון.

דער רב האָט דאָס אָבער נישט געזאָגט. ער האָט בלויז באַפוילן אין נאָמען פון גאָט, אַז מרדכי זאָל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ זיין „זינ־דיקן" געדאַנק. די קהילה וועט נישט שווייגן.

מרדכי האָט אויף זיי אָנגעשטעלט זיינע אויגן. אים האָט זיך גע־

דאַכט אַז דאָס איז אַ חלום. ס׳איז דאָך נישט מעגלעך אַז זיינע אייגענע ברידער זאָלן זיך אים וועלן שטעלן אין וועג?

אפשר אַ שעה צייט האָט ער צו זיי גערעדט. דערציילט זיי אַז די שטאָט אררט וועט נישט פאַרבלייבן די שטענדיקע היים פון דעם יידישן פאָלק, נאָר אַ מין דערווייליקער צענטער. זאָלן די אַנדערע פעלקער זיך איבערצייגן אַז יידן קאָנען פאַרשפרייטן מער וויסנשאַפט, ווען זיי זיינען פרייע מענטשן, די דאָזיקע שטאָט אררט וועט באַווייזן, אַז יידן זיינען נישט געבוירן געוואָרן צו זיין בלויז קרעמער. די עלטער־זיידעס האָבן ליב געהאַט ערד־אַרבעט — פאַרוואָס נישט די אייניקלעך? דאָס וועט ברענגען כבוד דעם יידישן פאָלק. צי איז דאָס אפשר קעגן רעליגיע?

געקוועלט האָט אסתר פון מרדכיס קלוגע רייד. זי איז געווען זי־כער אַז איצט האָט ער אַלעמען אויף זיין זייט. אָבער די פאַרזאַמלטע זיינען געבליבן ביי זייער באַשלוס. זיי האָבן אַפּנים מורא געהאַט אַז מרדכי וועט זיך דערקלערן פאַרן יידישן משיח, און זיי האָבן געגלויבט אַז די צייט איז נאָך נישט געקומען פאַר דער יידישער אויסלייזונג.

מרדכי האָט זיך מער נישט געקאָנט פאַרזאַמען אין דעם הויז. ער איז גלייך אַוועק פון דאָרט, און אסתר איז באַלד געווען לעבן אים. זי האָט אים געטרייסט, אַז זיי וועלן סוף כל סוף איינזען אַז ער איז גע־רעכט. ביידע האָבן אויסגעזען זייער אומעטיק. מרדכין האָט באַנג גע־טאָן וואָס ער איז היינט געקומען אַהער. דעם גאַנצן וועג איז ער געגאַנ־גען אַ פאַרטראַכטער, געקנייטשט זיין הויכן שטערן און אַלץ געטראַכט: פאַרוואָס און פאַרוואָס?

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מרדכי דערהאַלטן גאַנצע פעק מיט בריוו. אַלע האָבן אים גליק געוואונטשן אין זיין גרויסער אונטערנע־מונג. זיין האַרץ האָט געטאַנצט פאַר פרייד. יעדער וואָרט איז געווען פאַר אים ווי גוטער וויין. ער האָט די אַלע בריוו געטוליעט צו זיין ברוסט ווי אַ מאַמע אירע געטרייע קינדער. ער האָט געפילט ווי אויס־שרייען, אַז די שטים פון פאָלק איז דאָך אַ שטים פון גאָט. די באַגייס־טערונג פון די דאָזיקע בריוו האָט אים יענעם טאָג ווי אויף פליגלען געטראָגן. אָט האָט ער שוין באַשטעלט אינזשענירן, אַרכיטעקטאָרן און אַלע אַנדערע. ווער איז צו אים גלייך?

און אָט שטייט דאָס פאָר פאָלק, מרדכי און אסתר, מיט די הענט געשלאָסן. באַטראַכטן די פרייע ערד, וואו עס הייבט זיך אָן בויען די שטאָט אררט. זיי שפּיגלען זיך אין די בלויע וואַסערן פון דעם טייך ניאַגאַראַ. ביידע זיינען זיכער אַז דער טייך פרייט זיך אויך און די ביי־מער אַרום שושקען זיך, ווי זיי וואָלטן זיך דערציילט אַז דאָ שטייט

מרדכי, דער וואָס מאַכט אָן אָנהייב צו באַפרייען זיינע ברידער. די פייגל זינגען צו.

מרדכי שפּאַצירט מיט פרייליכע טריט און ווייזט אָן אסתרן: אָט דאָ וועט שטיין די סינאַגאָגע, אָט דאָרטן — דער העברייאישער אוני־ווערסיטעט . . . און דאָרטן . . . ער ווייזט איר נאָך און נאָך.

אסתר שלאָגט אים איבער. זי וויל אָפּנים נישט ער זאָל זיך צופיל אויפרעגן.ביידע קוקן אויפן קלאָרן הימל, וואָס הענגט איבער זייערע קעפּ. ביידע טראַכטן אַז די זון וועט דאָ אַמאָל שיינען . . .

אין איין פרימאָרגן, אין חודש תשרי, נאָך איידער די הענער האָבן זיך צעקרייעט, זיינען שוין טויזנטער מענטשן געווען אויף דער וואַך. די שטאָט באָפאַלאָ, די שכינה צו דעם צוקונפטיקן יידישן ישוב, איז געגאַנ־גען כאַדאָראָם. דאָס האָט מען זיך געגרייט צו דעם פּאַראַד. דאָס האָט מען זיך געגרייט אָנצוקוקן דעם ווינקלשטיין פאַר דער יידישער שטאָט אררט. אויפן שטיין איז שוין געווען אויסגעקריצט דער פּסוק: שמע ישראל . . . וואָס האָט גערופן די פּאַרוואָגלטע ברידער אַוועקצולייגן דאָ זייערע טאָרבעס, און אויסגלייכן זייערע געבויגענע פּלייצעס . . .

פונקט צען אַזייגער האָט אַ קאַנאָן אויסגעשאָסן. דאָס האָט די מלוכה אָפּגעגעבן ערע צו דער געבורט פון דער שטאָט אררט. דער פּאַ־ראַד האָט זיך אָנגעהויבן. סע מאַרשירן יידן און ניט־יידן. פּראָסטע און געלערנטע. מלוכה־מענטשן און געשעפטסלייט. מרדכי גייט פונפאַרנט, לעבן אים אסתר מיט אַ שיינענדיק פּנים. ער האָט געטראָגן אַ זיידע־נעם כאַלאַט. אַ גרויסער מעדאַל האָט אַרונטערגעבליאַסקעט פון זיין ברוסט. אין זיינע הענט — אָן אָפּן חומשל. ער האָט אויסגעזען ווי אַמאָל אַ כהן־גדול. די זון האָט געצערטלט זיין פּנים. אַ מילד ווינטעלע האָט זיך געשפּילט מיט זיין זיידענעם כאַלאַט: פאַרהויבן די פּאָלעס און אַרונטערגעלאָזט.

גליקלעך איז מרדכי. ער וועט דעם טאָג קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַלע אָדערן טאַנצן אין אים. דאָס בלוט אין אים זינגט. אָט זעט ער די וואַנדערער. אָט הערט ער זייערע פרייליכע געזאַנגען. אָט זעט ער ווי זיי צעאַקערן די ערד און יידישע אויגן שיינען. ער וואָלט שוין וועלן דער פּאַראַד זאָל זיך ענדיקן. נישט דאָס איז דאָך ביי אים געווען דער עיקר. פיס טראָגן זיך צום טאַקט: איינס, צוויי, דריי. איינס, צוויי, דריי. פרייליכע אויסרופן:

— מרדכי עמנואל נח, אונדזער ריכטער. דער עלצטער פון דער שטאָט אררט! לאַנג לעבן זאָל דער יידישער ריכטער! הורא! הורא! הוראַ

אַכצן ביקסן האָבן אויף איין מאָל אויסגעשאָסן. דער פּאַראַד האָט זיך אָפּגעשטעלט. וואַרעמע בליקן האָבן אַרומגעכאַפּט דעם ווינקלשטיין, אים ווי געקושט. גרויס דרך־ארץ האָט געשוועבט אין יעדן ווינקעלע אַרום. אַ כאָר האָט געזונגען יידישע ניגונים. פּסוקים פון די נביאים ירמיהו און צפניה ווערן געזאָגט. יעדער וואָרט ווי געציילט. אַלע שטייען ווי צוגעשמידט צו די ערטער. אַלע הערן. אַפילו דער טייך, דער הימל און די פייגעלעך אויף די ביימער. ס'איז שאַ־שטיל!

און פּלוצים האָט זיך דערהערט מרדכיס מעכטיקע שטים. אַלע זיינע אברים האָבן גערעדט. ער האָט אַלעמען באַדאַנקט פאַר דעם כבוד וואָס מ'האָט דעם יידישן ישוב צוגעטיילט, און אויסגערופן: „אויב סע איז פאַראַן אַ ייד, וואָס איז מער באַגייסטערט פאַר אים, האָט מער פייאיקייטן פון אים, — זאָל יענער ווערן דער פירער". די געשרייען זיינען אָבער געווען אַז ער, מרדכי, און נישט קיין אַנדערער, זאָל בלייבן זייער פירער.

אָט אַזוי איז יעדער איינער אַהיימגעגאַנגען נאָך מיט מער פרייד אין האַרצן ווי פריער, בעת מע איז אַהער געקומען. די האָפענונג איז ביי זיי געווען, אַז די מאָרגנס וועלן זיי ברענגען נאָך מער פרייד. היינט איז בלויז געווען אַן אָנהייב.

* * *

און אַז די שונאים האָבן זיך דערוואוסט, אַז אָנגעזעענע יידן זיינען קעגן מרדכיס פּלאַן, זיינען זיי אַרויס אין די צייטונגען און אים אויסגעלאַכט, אים באַשולדיקט אַז ער האָט עס געטאָן צוליב זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן. טאָג איין, טאָג אויס האָבן זיי געליאַרעמט. נאָר געוואָלט איבערשרייען די צייטונגען, וואָס האָבן געשריבן פיינע אַרטיקלען און מעשות וועגן מרדכין. די שונאים האָבן זיך געטראַכט, אַז איצט איז די צייט געקומען צו פאַרטרייבן דעם יידן פון מלוכה־פּאָליטיק, אַז ער זאָל שוין מער נישט קומען צוריק.

גוט איז געווען מרדכין, וואָס ער האָט איצט זייער וויניק צייטונגען געלייענט. ער איז געווען צופיל פאַרטאָן אין זיין אייגענער אַרבעט. בייטאָג און ביינאַכט האָט ער נישט אויפגעהערט שרייבן. ער האָט געשריבן צו די רבנים פון דער גאָרער וועלט, צו די פאַרשיידענע קהילות, צו אויסלענדישע צייטונגען. גערופן די פאַרוואָגלטע ברידער, דעם יונגן דור: זאָלן זיי קומען אין דער שטאָט אררט! אַ פרייע ערד וואַרט אויף זיי!

בעת ער האָט געשריבן, האָבן זיך זיינע פאַנטאַזיעס געטראָגן אי־

בער ימים און לענדער. אַט זעט ער איינגעבויגענע יידן מיט קלומעקעס אויף די פּלייצעס, זייערע אויגן צינדן זיך אָן פון פרייד. אַט יאָגן זיך יונגע בחורים און מיידלעך. וואוהין? צו דער שטאָט אררט... אַט זעט ער זיי שוין אַקערן און זייען זייערע אייגענע פעלדער. פּונקט ווי די עלטער־עלטער־זיידעס אַמאָל. ער הערט אַפילו זייער געזאַנג...

* * *

פּלוצים האָט זיך מרדכיס זוניקער הימל פאַרוואָלקנט. וואָס האָט פּאַסירט? די פרומע רבנים ווילן נישט הערן פון זיין פּלאַן. זיי שרייבן אים אַז דאָס איז קעגן דעם ווילן פון גאָט. אַנדערע שרייבן אים, אַז זיין כוונה איז אַ גוטע, אָבער קיין אויסלייזונג זעען זיי נישט אין זיין פּלאַן.

די פאַרוואָגלטע ברידער רירן זיך נישט פון אָרט. אויס מיטן שענ־סטען חלום אין זיין לעבן. וואָס וועלן די שונאים איצט זאָגן? וואָס הייבט ער אָן צו טאָן?

אסתר טרייסט אים, אַז די קינדער זייערע, ווען זיי וועלן אויס־וואַקסן, וועלן פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן. זי איז אַלעמאָל אַזוי גוט צו אים. אָבער פאַרוואָס זיינען אַנדערע אַזוי שלעכט צו אים און ווילן אים נישט פאַרשטיין? איז דאָס מעגלעך אַז זיין פּלאַן טויג טאַקע נישט? איז פאַרוואָס־זשע שלאָגן זיי נישט פאָר קיין בעסערן פּלאַן ווי זיינער?

אַ צייט איז מרדכי אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער. זיך צוריקגע־נומען צו זיין פּען. געשריבן אָן אויפהער. געוואָלט אַפּנים אויסדריקן זיינע אייגענע ליידן. ער וואָלט איצט געקאָנט אָנשרייבן אַ דראַמע פון זיין אייגן לעבן... אפשר וועט ער עס טאַקע טאָן...

אסתר, וואָס איז שוין געווען זיין פרוי, האָט נישט געקאָנט צוזען זיין אומעט, איז זי אַפּט אין זיין צימער געקומען און אים דערציילט פריילעכע מעשהלעך ווי אַ מוטער צו איר קינד. און גליקלעך איז זי גע־ווען ווען זי האָט אים געהערט לאַכן.

שפּעטער, ווען זי האָט קינדער געבוירן, האָט זי אים אַלע זייערע חכמהלעך דערציילט. דאָס האָט מרדכין אַלעמאָל אויפגעלעבט.

לויפן טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן. קליינוואַרג איז שוין גרויס געוואָרן. זיי רעדן שוין וועגן אָנהייבן קלעטערן אויף דעם לייטער פון רום. און מרדכי ליגט גאָר קראַנק אין בעט, מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט תפילה געטאָן אַז זיי זאָלן נישט פאַלן ווי ער...

זיין געזונט ווערט מיט יעדן טאָג שוואַכער און שוואַכער. אסתר וואַכט איבער אים און לאָזט אים נישט שטאַרבן.

מרדכי פילט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע. כאָטש נאָך איין גר־טע זאַך וואָלט ער וועלן אויפטאָן. כאָטש נאָך איין גוטע זאַך...

זיצן כלל־טוער, ווען מרדכי האָט צו זיך גערופן. קוים וואָס ער רעדט, שלאָגט פּאַר צו גרינדן אַ יידישן שפּיטאָל. ער שלאָגט פּאַר צו העלפן די עלנטע וואַנדערער וואָס קומען אַהער.

דאָס איז געווען זיין לעצטע האַפענונג.

אַנהייב פרילינג, ווען די פייגעלעך האָבן זיך שוין געהאָט צוריקגעקערט פון די וואַרעמע לענדער און געזונגען זייערע ערשטע לידער, ווען די נאַקעטע צווייגן האָבן זיך אָנגעטאָן אין זייערע גרינע קליידער מיט ווייסן צוויט באַפּוצט, — האָט זיך געצויגן אַ לוויה פון טויזנטער, טויזנטער מענטשן. דאָקטוירים, שרייבער, אַדוואָקאַטן, אָרעמע און רייכע, יידן און ניט־יידן, שוואַרץ זיינען די גאַסן געווען. דער גאַנצער פאַרקער אָפּגעשטעלט. מענטשן האָבן געוויינט הויך אויפן קול. צדקה־פּושקעס האָבן געקלונגען:

— צדק לפניו יהלך . . . ווער איז געשטאָרבן?

— מרדכי עמנואל נח!

שטעלן זיך טרערן אין זייערע אויגן. שטערנס קנייטשן זיך:

— אר־וואָ! אַזאַ גרויסער ייד! ווער וועט זיין אָרט פאַרנעמען?



אינהאַלט:

דאָס פאָלק מוז אַ קעניג האָבן . . . 5

ניט אַלע זיינען גלייך . . . 11

אַלע ווילן וויסן . . . 15

דער רבי וויל נישט שטאַרבן . . . 19

העגרי דער גרויסער 25

ס׳האָט געטראָפן צום ערשטן סדר 28

אויס קלוגע געוואָרן . . . 33

אַ בריוועלע פונעם טאַטן 38

דאָס אומעטיקע יינגעלע 42

גוט צו זיין אַ זיידע . . . 46

די טשערעדע האָט געוויינט . . . 49

די מאַמע־קאַץ מיט אירע קינדער 52

דער „גלגול" 56

דאָס לאָשיקל 61

מרדכי עמנואל נח 65